

יוסף זשעמיאַן, דער מחבר

J. ZIEMIAN

# THE CIGARETTE PEDLARS FROM THE THREE CROSSES SQUARE

איבערגעזעצט פון פוילישן כתב־יד:

י. זוהר





פאַרלאַג „המנורה" רח' זנגביל 24, ת"א, ישראל
„Hamenora" Publishing House
Tel-Aviv, Zangwill st. 24, Israel

דפוס „ארזי" בע"מ, ת"א, רח' אילת השחר 4, טל. 34294

# אינהאַלט



36 בילדער

# צום ליכטיקן אָנדענק

פון מיין פאָטער דוד זיסמאַן

מיין מוטער טויבע (געב. יודאַשקאָ)

מיין שוועסטער שרה (סילאַ)

**וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס.**

**און פון מיינע ברידער:**

שלום (סעוועק)

מרדכי (מיעטעק)

**קעמפער פון יידישן אונטערגרונד, וועלכע**

**זענען געפאַלן אין קאַמף קעגן די נאַציס.**

## פון מחבר

די מלחמה האָט זיך געענדיקט. איך האָב פּלוצים דער־פילט אַ פּוסטקייט אַרום זיך. איך בין געבליבן איינער אַליין, קיינער פון מיין משפּחה האָט זיך נישט געראַטעוועט. אַפילו קיין קברים זענען נישט געבליבן, אַז מען זאָל זיך קאָנען אויף זיי אויסוויינען.

על פּי נס זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן די נאָטיצן און פאַרצייכענונגען פון מיין טעטיקייט אין דער יידישער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג. איך האָב זיי אויסבאַהאַלטן אין דער צייט פון וואַרשעווער אויפשטאַנד אין יאָר 1944. בעתן באַהאַלטן זיי, האָב איך נישט געגלייבט, אַז זיי וועלן זיך ווען עס איז אָפּגעפינען, איך האָב נישט געטראַכט, אַז עס וועט זיין פון זיי עפּעס אַ נוצן. אָבער ווען איך האָב אַרויסבאַקומען פון אונטערערדישן באַהעלטעניש אַ פּאַפּירל נאָך אַ פּאַפּירל — פאַרגעלטע, קוים לייענבאַרע — האָבן זיי זיך מיט אַ מאָל אַנט־פּלעקט פאַר מיר, ווי אַ פאַרבאָרגענער אוצר. פון נאָטיצן זענען אויפגעבויט געוואָרן פראַגמענטן פון דער געשיכטע מיט די פּאַפּיראָסן־הענדלער פונעם פּלאַץ פון דריי קרייצן; פּרטים פון זייער לעבן, אַ ריי שמועסן מיט זיי, און דאָס אַלץ פאַרזען מיט מיינע באַמערקונגען. אויף אַן אַנדער אָרט האָב איך געפונען זייערע פאָטאָגראַפיעס. נישט אַזוי לייכט איז געווען אַרויסצובאַקומען פון די פאַרדעכטנדיקע קינדער זייערע פאָטאָגראַפיעס, אָדער דאַטן; איך האָב גוט פאַר־שטאַנען זייערע חשדים אין יענע באַדינגונגען.

בּיסלעכווייז האָבּן זיך די פּאַפּיראָסן־הענדלער צוריק־געקערט אין דעם חרוב־געוואָרענעם וואַרשע. דעמאָלט איז אויפגעקומען ביי מיר דער געדאַנק צו באַשרייבּן די געשיכטע פון אָט דער גרופּע, די געשיכטע פון אַ יידישער קינדער־„באַנדע” אין דער אָקופּאַציע־צייט. איך האָב זי געוואָלט פאַר־היטן פאַר די קומענדיקע דורות, ווייל זי איז איינציק אין איר מין.

איינציקע מאָל האָם איך זיך געטראָפן מיט די פּאַפּיראָסן־הענדלער, קאָנטראָלירט זייערע דערציילונגען, פאַרגליכן מיט מיינע נאָטיצן, און אַ ריי פאַקטן קאָנטראָלירט ביי באַגלייבטע פאַקטאָרן. דאָס אַלץ האָב איך דערגאַנצט מיט אייגענע זכ־רונות פון יענער צייט, ווען איך פלעג זיך באַגעגענען מיט דער גרופּע.

אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען דאָס דאָזיקע בוך.

# הקדמה

...און קיין מאָל האָט מען נישט געוווּסט, ווער די שונאים זענען, ווו און ווען זיי לויערן אויף דיר.

און ווען דו האָסט זיך געפונען, אין צייט פון דייטשער אָקופּאַציע אויף דער אַזוי גערופענער „אַרישער זייט", האָסטו אויף קיין איין מינוט נישט געקאָנט פאַרגעסן, אַז דו שפּילסט אַ טראַגישע און גורלדיקע ראָל, אַז יעדער איינער, סיי פריינד און סיי פיינד, קאָן דיך יעדע רגע אויסגעבן. נאָך מער, אַפילו דו אַליין קאָנסט אויף דיר ברענגען אַן אומגליק, מיט אַ פּשוט נישט־באַקלערט וואָרט, מיט אַ הועיה, מיט אַ יידישן זיפץ...

און אויב דאָס געזאָגטע איז שייך דערוואַקסענע, איז עס, על אחת כמה וכמה, חל אויף קינדער, וואָס זענען דאָך, ווי מיר ווייסן, אַמווייניקסטן מסוגל צו פירן אַ האַרטנעקיקן, פאַר־ביטערטן קאַמף פאַרן אייגענעם דאָזיין, ווייניקער מסוגל צו שפּילן אַ ראָל פון זיין נישט אויפריכטיק, נישט אמתדיק, נישט קינדיש...

און פון דעסט וועגן האָט אונדז די צייט פון אומגלויב־לעכע פּאַסירונגען, ווי דורך עפּעס אַ פאַרהוילענעם, קוריאָזן פּאַראַדאָקס, געליפערט ביישפּילן, וואָס דווקא אָט די קליינע, אומדערפאַרענע באַשעפענישן, האָבן — אויף צו להכעיס יעדער ווירקלעכקייט, צו להכעיס יעדער מענטשלעכער און נאַרמאַלער לאָגיק — יאָ באַוויזן אַרויסצודרייסן זיך פון גיהנום. בשעת דערוואַקסענע, בעסער צוגעגרייטע, מיט פיל מער מעג־לעכקייטן, האָבן אים נישט געקאָנט אויסהאַלטן...

פאַריתומטע פון טאַטע־מאַמע און פון דער נאָענטסטער משפּחה, פאַרלאָזענע פון ידידים און באַקאַנטע, געפונען זיך פּלוצים די קינדער — אין אָנבליק פון גרעסטן שונא — איינע אַליין, אָן אַ גואל, אָן אַ פריינד.

אין אַ פיינדלעכער סביבה, צווישן ווילד־פרעמדע מענטשן, דאַרפן זיי פּלוצים — פון דער הוילער הויט, נישט צוגעגרייט צו דעם דורך קיינעם — זיך באַווייזן ווי „ר י י נ ע אַ ר י ע ר", אָן וועלכע עס איז מיטלען און אָן וועמענס מיטהילף־זאָרגן פאַר זייער קיום.

און אונטער דער שטרענגער קאָנטראָל פון טויזנטער פּאָר אויגן... טאָר קיין קלענסטער פּרט פון זייער לעבן נישט אויסזאָגן, און מסרן זייער פאַרבאָרגענעם אמת. נישט דער מלבוש, נישט די התנהגות, נישט זייער פרעמדע שפּראַך און אויסשפּראַך, קיין זאַך טאָר זיי נישט פאַרראַטן, אַז זיי זענען נישט קיין פּאָלאַקן...

ס'האָבן זיך אַזעלכע קינדער אָפּגעפונען, און געהאַט האָבן זיי זייער מקום־מקלט, נישט ערגעץ אין אַ וואַלד, צי אין אַ בונקער אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל, פאַרבאָרגן פון מענטשנס אויגן און נישט צו זען די שיין פון דער זון... ביי־ערט, דווקא אין דער מיט שטאָט וואַרשע, דווקא אויף איינעם פון אירע באַלעבטסטע פּלעצער: אויפן פּלאַץ פון „דריי קרייצן" האָבן זיי געפונען זייער „אַרבעט־אָרט" און זייער טרעף־פּונקט.

אַ גרופּע פון העכער צוויי צענדליק יידישע קינדער, וואָס האָבן איינער דעם אַנדערן געשיצט פון דרויסנדיקן שונא און געהאָלפן זיך איינאַנדער מיט וואָס נאָר מעגלעך איז געווען, האָבן אויפן פּלאַץ פון דריי קרייצן געהאַנדלט מיט פּאַפּיראָסן און אַנדערע מינים האַנדל־וואַנדל, מיט דייטשע סאָלדאַטן, דייטשע זשאַנדאַרן, און קעגנזייטיק זיך געשטיצט אין קאַמף

קעגן האַנדלס־קאָנקורענטן און... אַלערליי אויסוואורפן, וואָס האָבן געלויערט אויף זייערע יונגע לעבנס.

זייער איבערמענטשלעכער און אומגלויבלעכער לעבנס־דראַנג, זייער איינגעבוירענע אינטעליגענץ, זייער מאָראַלישע הויך — אין דער־אָ פינצטערער און גאָטלאָזער צייט! — ברענגען אונדז צו שטוינונג און התפעלות.

זיי זענען איינציק אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט!

זייער צוגעבונדנקייט צום יידישן שטאַם, און גרייטקייט צו העלפן יעדן אָנגעטראָפענעם ייד — נישט געקוקט אויף זייער אייגענער געפאַר — שטעלט די דאָזיקע פריי־אַנט־וויקלטע, דערוואַקסענע קינדער, אין דער ריי פון אונדזערע גרעסטע נאַציאָנאַלע העלדן!

אומגלויבלעך און דאָך אמתדיק, זענען די באַשרייבונגען פון פריינד יוסף זשעמיאַן, וואָס ליגן דאָ פאַר אונדז.

אַלס טוער פון יידישן אונטערערד, האָט ער געטראָגן שטיצע צו אויסבאַהאַלטענע יידן אויף דער אַרישער זייט; און אַליין אַן „א ו י ס ב אַ ה אַ ל ט ע נ ע ר" — איז, ווי נאָר ער האָט „דערשמעקט" אַרום זיך יידישע קינדער, האָט ער תיכף אָנגעבונדן מיט זיי אַ קאָנטאַקט און באַמיט זיך זיי צו העלפן מיט אַלע וועגן און אומוועגן.

קיינער האָט אים דערצו נישט גענייט, פאַרקערט, אויך אָן דעם האָט אים קיין „אַרבעט" נישט געפעלט. אָבער ווען ער האָט נאָר דערפילט, מיט זיין יידישן אינסטינקט, אַ ייד נעבן זיך, האָט זיך אין אים — דעם שליח פון אונטערערדישן יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט — צעצונדן אַ פונק פון יידישער סאָלידאַרישקייט, פון אַהבת ישראל, און ער איז געווען גרייט אין איינעם מיט יענעם צו טיילן זיין גורל.

וווּנדערלעכע געשטאַלטן אויפן פאָן פון אַ צעפוילטער און טייוולאָנישער תקופה.

ד"ר נחמן בלומענטאַל




מאַפּע: פּלאַץ פון די דריי קרייצן און סביבה

1

# די באַגעגעניש

האַרבסט, יאָר 1943. פון לאַנג זענען שוין פאַרשוויגן געוואָרן די שאָסן פון קעמפנדיקן געטאָ. געבליבן זענען בלויז די רעשטלעך פון אויסגעברענטע הייזער און די מויער, וואָס האָט אַרומגעצוימט אַט דעם אַלטן בית־עולם פון אַ כמעט האַלב־מיליאָניקן יידישן ישוב. וואַרשע איז געווען „יודענריין". די וואַרשעווער גאַס האָט זיך אומגעקערט צום נאָרמאַלן לעבן. אַלץ זעלטענער האָבן זיך געהערט די פאַנטאַסטישע דערציילונגען וועגן גרופעס יידישע קעמפער, וואָס האָבן זיך געשלאָגן מיט די דייטשן. מען האָט שוין מער נישט געזוכט אין יעדן באַגעגנטן — אַן אַנטלאָפענעם פון געטאָ. קיין זשאַ־ליבאָזש איז מען ווידער געפאָרן דורך באָניפראַטן־גאַס (בעת די קאַמפן אין געטאָ פלעגט מען פאָרן אַהין דורך אַן אומוועג, דורך דער זאַקראָטשימסקע). מיט איין וואָרט: די פּאָליאַקן זענען אַריבער צום טאָג־אָרדענונג איבער דער טראַגעדיע און עפּאָפּעע פונעם וואַרשעווער יידנטום.

בלויז דייטשע אַפּישן, וואָס האָבן געדראָט מיט טויטשטראָף פאַר באַהאַלטן יידן — זיי האָבן עדות געזאָגט וועגן דער עקזיסטענץ פון געטאָ־אַנטרונענע. פאַקטיש איז אַ געוויסער צאָל יידן געלונגען אויף פאַרשידענע אופנים צו אַנטלויפן צייטווייליק פונעם אומקום. זיי האָבן זיך אַריבערבאַקומען אויף דער אַזוי גערופענער „אַרישער זייט" און געפירט אַ פאַרמאַסקירטן שטייגער לעבן: פאַרשטעקט זיך אין פאַרשידענע קעלערס, חורבות, אָדער אויסבאַהאַלטן זיך ביי פּאָליאַקן, (ביי פריינד, אָדער פאַר געלט). יעדער טאָג לעבן

איז געווען ביי זיי, ווי געוווּנען אויף דער לאָטעריע; אַבי איבער־צוקומען. אַפילו די צייט איז נישט געווען אויף זייער זייט; די שעהן האָבן זיך געשלעפּט אומברחמנותדיק. טייל מאָל האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די אומגליק־צייט וועט זיך ציען אייביק. טיף אין דער נשמה האָט אָבער געטליעט אַ קליינער פונק פון האָפנונג. וואָס נענטער מען איז געווען צום טויט, אַלץ שטאַרקער האָט מען געקעמפט פאַרן לעבן.

*

דאָס איז געווען דער ערשטער האַרבסט פון מיין אַבסאָלוטער קאָנספּיראַציע. איך האָב פאַרמאָגט אַ פאַלשע „קענקאַרטע"*, אַ פאַלשן „אַרבעטס־אויסווייז" און אויך אַן אויסגעטראַכטע אויטאָ־ביאָגראַפיע, אַ גוט צוגעגרייטע און פון אויסנווייניק אויסגעלערנטע לעבנס־געשיכטע איז געווען אַ וויכטיקער באַדינג פאַר געלונגענער קאָנספּיראַציע. אַז ווען מען זאָל מיך נאָר פּלוצעם אויפוועקן פון שלאָף זאָל איך תיכף קענען אָפּרעציטירן; ווו איך „אַרבעט" און ווער עס איז מיין „פאָטער". אויב מען האָט נישט געהאַט קיין משפחה, איז מען געוואָרן פאַרדעכטיק. עס האָט אויך נישט געשאַדט אַרייב־צוואַרפן אַ מאָל אַ וואָרט וועגן אַ קאָנטאַקט מיט דער פּויל־ישער אונטערערדישער באַוועגונג, ס'האָט אַפילו געמעגט זיין אויסגע־טראַכט. (יענער צייט האָט די אונטערערד געהאַט אַ גרויסן אָנזען ביי די פּאָליאַקן).

איך האָב טאַקע געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט דער אונטערערד, אָבער מיט דער יידישער, נאָר וועגן דעם האָט מען אַפילו נישט געטאָרט דערמאָנען. די באַדינגונגען פון דאָפּלטער קאָנספּיראַציע — צוליב דער אָפּשטאַמונג, און צוליבן געהערן צו דער אונטערערד —

---

* אַ פּערזענלעכער דאָקומענט פאַר פּאָליאַקן, אַרויסגעגעבן דורך דער דייטשער מאַכט.

האָבן געפּאָדערט אַ באַזונדערע וואַכזאַמקייט. יעדער טראָט האָט געמוזט ווערן אויסגערעכנט, יעדעס וואָרט — גענוי איבערגעטראַכט. מען האָט בליץ שנעל געמוזט אָפּשאַצן אַ צופעליק באַגעגנטע פּערזאָן. אַ מאָל איז דער אויסדרוק פון פּנים, עפּעס אַ באַוועגונג, אָדער אַ פּרט פון דער קליידונג געווען אַ צייכן. מ׳האָט זיך געמוזט שטאַרק היטן. פאַרשידענע „קונצשטיק" איז געווען נייטיק אָנצווווענדן, כדי אויסצומיידן אין גאַס אַ נישט געוווּנטשענעם קאָנטאַקט, אַפילו בלויז פון בליק. למשל: אויסווישן די נאָז מיט אַ טיכל, פאַרבינדן די שנוראָ־וואַדלעס ביי די שיך, באַקוקן אַ שויפענצטער... אין דער שויב פון אַ שויפענצטער האָט מען אומבאַמערקט געקאָנט אָבסערווירן די אויפ־פירונג פון פאַרבייגייענדיקע מענטשן. דאָס איז געווען אַ גרויסע שול פון לעבנס־פּסיכאָלאָגיע. אויב עמעצער האָט פאַרלוירן זיין זעלבסטזיכערקייט, די נאַטירלעכקייט פון באַוועגונגען, האָט עס געקאָנט באַדייטן אַ סוף צו זיין לעבן.

✶

איך בין געגאַנגען אויף נאָווי־שוויאַט אין דער ריכטונג פון אַלעיע־יעראָזאָלימסקע. דאָרט, אין הויז נומער 23, אין צווייטן טויער, אויפן ערשטן שטאָק, האָט זיך געפונען די קיך פון ר.ג.אָ.* כמעט יעדן טאָג האָב איך דאָרט געגעסן מיטאָג. דאָס מאָל איז שוין געווען גענוג שפּעט, האָב איך זיך צוגעאיילט, כדי צו באַוויזן איידער מען פאַרמאַכט די קיך. די גאַס האָט געווימלט מיט מענטשן. פּלוצלונג האָב איך צווישן דער מאַסע באַמערקט צוויי יינגלעך: איינער האָט אויסגעזען פון אַ יאָר זעכצן, דער צווייטער — פון דרייצן. דאָס פּנים פון עלטערן האָב איך, ווי דורך אַ נעפּל, גע־דענקט פון געטאָ. תיכף האָט זיך ביי מיר דערוועקט אַ חשד, אַז

---

* ראַדאַ גלוווּנאַ אָפּיעקונטשאַ — אַ פּוילישע אינסטיטוציע פאַר סאָציאַלער הילף.

דאָס זענען היימלאָזע יידישע קינדער. דער שכל האָט אַפילו דיקטירט: דאָס איז דאָך אוממעגלעך, ביסט זיך מסתמא טועה; נאָך דער פול־שטענדיקער ליקווידאַציע פון געטאָ, איז דאָך שוין אַדורך עטלעכע חדשים. כמעט יעדן טאָג האָט מען „ליקווידירט" די יידן, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אויף דער „אַרישער זייט". דאָס אַדורכרייסן זיך דורכן אָקופּאַציע־דזשונגל האָט פאַרלאַנגט נישט ווייניק ענערגיע און אייגן־פאַלערישקייט. נישט איין דערוואַקסענער ייד האָט זיך איינגעבראָכן אין דעם טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַרן לעבן. ווער שמועסט נאָך — קינדער.

פלוצלונג האָבן אונדזערע בליקן זיך צונויפגעטראָפן. דאָס איז געווען געַנוג. איך האָב שוין נישט געהאַט קיין שום ספק. פאַראַן מסתמא אַ סך אמת אין דעם, אַז יידן פילן איינער דעם אַנדערן אַפילו פון אַ מהלך. האָב איך באַשלאָסן אַנצובינדן מיט זיי אַ קאָנטאַקט. אָבער כדי אָנצובינדן מיט עמעצן אַ קאָנטאַקט האָט מען געמוזט זיין זייער פאַרזיכטיק, און נישט אויפדעקן באַלד די קאָרטן. די מורא איז געווינלעך געווען אַ קעגנזייטיקע. דאָס אָנ־קניפּן אַ פאַרבינדונג מיט ווער עמען און געווינען יענעמס צוטרוי איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך. די אומגעריכטע באַגעגענישן פון יידן — אַפילו באַקאַנטע — אויב עס האָט זיי נישט פאַרבונדן קיין ענגע פריינדשאַפט, האָבן געווייינלעך זיך געענדיקט מיט אַ קורצן געשפּרעך: „אַנטשולדיקט, איך קען אייך נישט, איר האָט אַ טעות" — און דערנאָך זענען ביידע צדדים אַוועק אין פאַרשיידענע ריכטונגען און פאַרווישט נאָך זיך די שפּורן. די פאַרפאָלגטע האָבן מורא געהאַט אַפילו פאַרן אייגענעם שאָטן.

די גאַסן־קינדער, וואָס האָבן פאַרמאָגט בלויז דאָס אָרעמע מלבוש אויף זיך, האָבן טאַקע באַזונדערס נישט אינטערעסירט די „שמאַל־צאָווניקעס"* זענען זיי דערפאַר אפשר געווען ווייניקער באַדראָט, ווי

* אויסוואורפן, וואָס פלעגן שאַנטאַזשירן יידן.

די דערוואַקסענע. פֿון דעסטוועגן זענען זיי אויך געווען זייער פֿאַר־זיכטיק, און אַז מען האָט זיך דערנענטערט צו זיי, האָט מען גע־מוזט האַנדלען לויט די אָנגענומענע פּרינציפּן פֿונעם לעבן אויף דער אַרישער זייט: פֿון איין זייט אַכטונג געבן, אַז מען זאָל זיך אַליין נישט שטעלן אין אַ סכנה; פֿון דער צווייטער — אַז מען זאָל זיי נישט „פֿאַרברענען" (דעקאָנספּירירן).

איך בין אַריין אין טויער. אויף אַ רגע האָב איך אויסגעדרייט דעם קאָפּ, און ווידער האָבן אונדזערע בליקן זיך באַגעגנט. די וואַנט פֿון פּרעמדקייט איז זיך פֿונאַנדערגעפֿאַלן. זעט אויס, אַז די ייִנגלעך זענען געווען אויסגעהונגערט נאָך מענטשלעכער וואַרעמקייט, זענען זיי מיר נאָכגעגאַנגען.

אין דער ר.ג.אָ.־קיך זענען מיר אַריין כמעט גלייכצייטיק. געגעסן האָבן אין דער קיך בעטלערס, אַרויסגעטריבענע פֿון די געביטן, וואָס זענען געוואָרן אָנגעשלאָסן אין דריטן רייך, רעדוצירטע באַאַמטע, פֿאַראָרעמטע אינטעליגענץ אאַז"וו. די פּאָפּולערסטע טעמע פֿון שמועסן אין קיך איז געווען: מלחמה. אין דער דאָזיקער סביבה פֿון נויט האָב איך זיך געפֿילט אַ ביסל זיכערער. אַ סך ייִדן, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט, האָבן געגעסן פֿון די ר.ג.אָ.־קיכן, וואָס האָבן זיך געפֿונען איבער דער גאַנצער שטאָט.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל. ביי אַ שכנותדיק טישל האָבן זיך צוגעזעצט די ייִנגלעך. דער עלטערער האָט געהאַט אַ קיילעכדיק פּנים, קלוגע בלויע אויגן, אַ געדיכט־צעכוואַליעטע טונקל־בלאָנדע טשופּרינע און אַן אַזוי גערופֿענעם „אַרישן אויסזען". ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַן ענערגישן און זעלבסט־זיכערן. געקליידט איז ער געווען גענוג ציכטיק: ער האָט געטראָגן אַ ווייס העמד און אַ לייטישן אַנצוג. דער ייִנגערער האָט אויסגעזען מער סעמיטיש. ער האָט געהאַט אַ לענגלעך אויסגעדאַרט פּנים, אַ לענגלעכע נאָז און מילדע, פֿריילעכע, טונקל־בלאָע אויגן. די האָר־פּאַסמעס זענען אים אַראָפּגעפֿאַלן אויף די שלייפֿן. ער האָט געטראָגן

אַ צו־לאַנגע מאַרינאַרקע און אָפּגעריבענע הויזן. זיינע פיס, אין די הילצערנע שיך, זענען געווען בלאָ פון קעלט.

ביידע יינגלעך האָבן זיך אַרומגעקוקט איבערן זאַל. איך האָב דערפילט אויף זיך זייער פאַרשנדיקן בליק און אַרויסגעפילט, אַז זיי ווילן פאַרפירן מיט מיר אַ שמועס. האָב איך שנעל אָפּגעגעסן דאָס מיטאָג און פאַרלאָזט די קיך. מיט אַ לייכטן קאָפּ־שאָקל האָב איך געגעבן אַ צייכן די יינגלעך, אַז זיי זאָלן גיין נאָך מיר.

אויפן הויף האָט דער עלטערער מיך געפרעגט:

— אַנטשולדיקט, צי האָט איר נישט אַ מאָל געאַרבעט אויף דער פלאַצווקע * „אָסטבאַן״ ?

— און דו האָסט געאַרבעט אויף דער „אָסטבאַן״ ? — האָב איך געענטפערט מיט אַ פראַגע.

ער האָט באַשטעטיקט, כאָטש דאָס האָט געהייסן מודה זיין זיך אין יידישקייט.

— וואָס טוט איר דאָ ? ווו וווינט איר ? — האָט ער מיך ווייטער געפרעגט. ווייזט אויס, אַז מיין נישט ענטפערן אויף זיין ערשטער פראַגע האָט אים אויסגעגעבן מיין אָפּשטאַם.

כ׳בין געווען אין אַ פאַרלעגנהייט. איך האָב נישט געטאָרט אויסגעבן מיין „פראָפּעסיע״ און מיין אַדרעס. דאָס איז געווען דער ערשטער באַדינג פון קאָנספּיראַטיווער אַרבעט.

— איך וווין אין חורבות. איך גיב זיך ווי עס איז אַן עצה — האָב איך געענטפערט און געמאַכט אַ פאַרזאָרגט פּנים.

איך האָב געוואָלט אַזוי פאַרשטעלן מיינע לעבנס־באַדינגונגען, אַז זיי זאָלן ענלעך זיין צו זייערע. דאָס האָט אפשר געקאָנט צעשטערן די פרעמדקייט צווישן אונדז. דאָס האָט גלייכצייטיק עלימינירט די מורא פאַר אַן עווענטועלן שאַנטאַזש, אָדער אַ מסירה, פון זייער זייט.

---

* אַרבעטס־פּלאַץ פאַר יידן ביי די דייטשן.

— אויב איר ווילט, קאָנט איר שלאָפן מיט אונדז, ביי אַ פּוי־לישער פרוי — האָט דאָס ייִנגל זיך ווידער אָנגערופן.

ווען איך האָב דערהערט דעם פאָרשלאָג, האָב איך כמעט ווי פאַרלוירן ס׳לשון. מיט וואָס האָב איך געוווּנען זיין סימפּאַטיע און צוטרוי? אין יענער צייט איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך זעלטענע דערשיינונג, אַז עמעצער זאָל אַליין אויפדעקן זיין „מעלינע״.

— מיר זענען אַ סך. מיר האַנדלען אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן — האָט דער ייִנגערער צוגעגעבן — מיר האַלטן זיך צוזאַמען און מיר „לאָזן זיך נישט״.

— אַ מאָל הייבן מיט אונדז אָן די פּוילישע ייִנגלעך. זיי הייסן אונדז ווייזן דאָקומענטן. דאַן גייען מיר אויפס כּוח, — האָט דער עלטערער געגעבן צו פאַרשטיין.

דאָס האָט מיר אויסגעזען אומגלויבלעך. כ׳האָב געמיינט, אַז די געשיכטע איז אַ פּראָדוקט פון אַ ייִנגלערישער פאַנטאַזיע. קיינער וואָלט דאַן נישט געגלייבט אין אַזאַ מעשה.

„וויפל אמת איז אין דעם פאַראַן״, — האָב איך זיך אַליין געפרעגט. מיר האָבן גערעדט נאָך עטלעכע מינוט. איך האָב געגעבן עפּעס אַן אויסמיידנדיקן ענטפער אויף זייער הילף־פאָרשלאָג און אָפּגעשמועסט מיט די ייִנגלעך זיך צו טרעפן מיט זיי דעם קו־מענדיקן טאָג אויפן זעלבן אָרט. דערנאָך זענען מיר זיך פאַנאַנדער־געגאַנגען — יעדער אין זיין זייט.

צו דער אָפּגערעדטער באַגעגעניש בין איך שוין געגאַנגען אין דער באַגלייטונג פון מיינס אַן „אַדאָפּטירטן״ *. איך האָב אים דער־ציילט וועגן מיין באַגעגעניש מיט די איינזאַמע ייִדישע קינדער. כ׳האָב נאָך דעמאָלט אַפילו נישט געהאַט קיין קלאָרן באַגריף וועגן דער כוונה פון די ייִנגלעך. בעת דער באַגעגעניש האָט מיין באַ־

* אויסבאַהאַלטענע ייִדן וואָס האָבן באַקומען הילף פון דער אונטערער־דישער ייִדישער אָרגאַניזאַציע.

גלייטער * זיך געדאַרפט אַרומדרייען ביים „בילער" (ראַדיאָ־הילכער) אויף אַלעע־יעראָזאָלימסקע, עק נאָווי־שוויאַט, און אָבסערווירן דאָס טויער פונעם הויז נאָווי־שוויאַט נומער 23. אַזאַ פּאַרזיכטיקייט איז געווען נויטווענדיק אין יענע טעג. אין פאַל פון עפּעס אַ געפאַר, האָט ער מיך געדאַרפט וואָרענען מיט אַן אָפּגעשמועסטן פייף.

אין טויער האָט זיך באַוויזן דער עלטערער פון די צוויי יינגלעך. ער איז אַדורכגעגאַנגען דעם הויף און אַוועק צו די טרעפּ פון אַ זייטיקער אַפיצינע.

— ווער איז דאָס געווען דער פאַרשויך, וואָס האָט אייך פאַרטשעפּעט אין גאַס? — האָט דער בחור געפרעגט, אַנשטאָט מיך צו באַגריסן. איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז די יינגלעך האָבן מיר נאָכשפּיאָנירט.

— אפשר איז דאָס אַ „שמאַלצאָווניק"? — האָט ער נאָך אַ רגע צוגעגעבן.

— ניין, ער האָט זיך בלויז געפרעגט אויף אַ גאַס, — האָב איך אומגערן געענטפערט. און כדי צו ענדערן די טעמע, האָב איך געפרעגט: — ווו איז דיין חבר?

— ער וועט באַלד קומען, ער שטייט אויף דער אַנדערער זייט און אָבסערווירט — האָט ער רויק אויפגעקלערט — איר ווייסט דאָך, אַ מאָל קאָן מען נישט ווילנדיק מיט זיך מיטשלעפּן שמאַלצאָווניקעס. זיי האָבן ליב נאָכצושמעקן יעדן.

די אויפריכטיקייט זיינע האָט צעשטערט אַלע מיינע פאַרדאַכטן און ספקות. אין אַ ווײַלע אַרום איז אָנגעקומען דאָס צווייטע יינגל.

— וואָס הערט זיך? ווו האָט איר געוועכטיקט? פון וואָס לעבט איר? צי האָט זיך עמעצער פון אייער משפחה געראַטעוועט

* ס. לייזעראָוויטש — אומגעקומען בעתן וואַרשעווער אויפשטאַנד אין יאָר 1944.

פון געטאָ? — די ייִנגלעך האָבן מיך פאַרהאַגלט מיט פראַגן. צוליב פּרינציפּיעלע טעמים, האָב איך אויף געוויסע נישט געענטפערט.

— ליידער האָט זיך קיינער פון מיין משפחה נישט געראַטעוועט.

— אויך מיר זענען געבליבן אַליין — האָבן זיי געענטפערט.

די ייִנגלעך האָבן דערפילט אין מיר אַ ברידערלעכע נשמה. קיין זאַך פאַרבינדט נישט אַזוי שטאַרק ווי בשותפותדיקע צרות.

— ביטשעק (ביקל)[1] *, עמעצער גייט! — האָט מיט אַ גע־שטיקטער שטים זיך אָנגערופן דער ייִנגערער.

אַ ווײַלע האָבן מיר אַלע זיך איינגעהערט אין די טריט פון אונטן.

עמעצער איז אַריין אין אַ פּאַרטער־וווינונג און ס'איז ווידער שטיל געוואָרן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ „ביקל"? — האָב איך געפרעגט ביים עלטערן בחור.

— אַזוי רופט מען מיך אויפן פּלאַץ. ביי אונדז האָבן כמעט אַלע צונעמען. אים רופט מען קינאַל (פאַנדזשאַל)[2], איר זעט נישט וואָס פאַר אַ לאַנגע נאָז ער האָט?

איך מיט ביטשעקן האָבן זיך האַרציק צעלאַכט. דער יונגערער האָט זיך באַליידיקט.

— ער נעמט אַלץ ערנסט — האָט ביטשעק זיך אָנגערופן.

— צי זענט איר אַ סך אויפן פּלאַץ? — האָב איך זיך געוואָנדן צו קינאַלן, כדי איבערצורייסן זיין שווייגן.

— עטלעכע צענדליק. מיר האַנדלען מיט פּאַפּיראָסן און האַלטן זיך צוזאַמען, מיר לאָזן זיך נישט.

— דער האַנדל גייט ווי געשמירט, קומט מיט אונדז, וועט איר זען, — האָט ביטשעק צוגעגעבן.

דעם פאָרשלאַג האָב איך מיט פאַרגעניגן אָנגענומען. איך בין זיך אויפריכטיק מודה, אַז איך האָב דעמאָלט נישט זייער געגלייבט אין

* זע עפּילאָג.

דער עקזיסטענץ פון אַ גאַנצער אָרגאַניזירטער גרופּע יידישע קינדער, און דערצו נאָך — אינעם האַרץ פון „דייטשן קוואַרטאַל" אין וואַרשע.

מיר זענען אַרויס אין גאַס. ביטשעק האָט געשפּאַנט פּאָרויס, עטלעכע טריט נאָך אים — קינאָל און איך, כדי נישט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרבייגייער. מיר זענען פאַרביי די אַלעע יעראָזאָלימסקע — נעבן דעם „בילער" איז געשטאַנען אַ מאַסע מענטשן. מען האָט גראָד איבערגעגעבן ידיעות פון פראָנט. מיר האָבן זיך אויף אַ רגע פאַרהאַלטן. יעדער האָט אויסגעקוקט אויף ידיעות וועגן אַ ריקצוג פון די דייטשן. דער פראָנט האָט זיך וואָס אַ מאָל גערוקט אַלץ ווייטער אויף מערב. „פאַרמאַסקירטע עוואַקואַציע"... — האָט אַ יונגערמאַן זיך אָנגערופן צו זיין שכן. אַ פינטל מיטן אויג און אַ לייכטער שמייכל, זענען געווען אַ גענוגנדיקער ענטפער.

„נאָך אַ קורצן קאַמף האָבן מיר זיך אָפּגעריסן פון שונא" — די צוהערער האָבן זיך איבערגעקוקט. עס האָט זיך געלאָזט הערן אַ געמורמל פון קורצע, בייזוויליקע ווערטלעך.

מיר זענען געגאַנגען ווייטער.

אויף נאָווי־שוויאַט נומער 5 זענען מיר פאַרביי דעם רעסטאָראַן „פיר יאַרעסצייטען — נור פיר דויטשע". דורך די אָפענע טירן האָבן זיך געהערט די קולות פון דייטשע זעלנער. ווי ביטשעק האָט מיך אינפאָרמירט, האָט דאָ זיך געפונען קינאָלס האַנדלס־פּונקט. ענדלעך האָבן מיר זיך געפונען אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן.

# 2

## אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן

אויפן פּלאַץ האָט מען געהערט די קולות פון די טראַמוויי־אַרבעטער, וואָס האָבן דאָ געהאַט זייער לעצטע סטאַציע, די געשרייען פון די צייטונגס־פאַרקויפער און פּאַפּיראָסן־הענדלער. חוץ דעם — אַ דייטשיש געפּלוידער. דייטשע זעלנער האָבן זיך געדרייט איבערן גאַנצן פּלאַץ.

טראַמווייען מיטן ציפער „נול" און מיט אַן אויפשריפט „נור פיר דויטשע" זענען אַדורכגעפאָרן איבערן פּלאַץ אין דער ריכטונג פון אַלעע אויאַזדאָווסקע. דערנעבן, אויף דער ווייעיסקע, אין דער געבײַדע פון אַמאָליקן סיים, האָט זיך געפונען די קאָמענדאַנטור פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. אויפן עק פונעם פּלאַץ פון די דריי קרייצן און האָזשע־גאַס, איז געווען דאָס קאָלאָניאַל־געשעפט „יוליוס מיינל — נור פיר דויטשע". אין דעם פונקט, אין סאַמע האַרץ פון פאַרמלחמהדיקן וואַרשע, האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס דייטשע לעבן. די פּאָליאַקן זענען אין אַלגעמיין געקומען אַהער נישט גערן. בלויז דער קאָשטשאָל אויפן נאָמען פון הייליקן אַלעקסאַנדער, וואָס האָט זיך געפונען אין מיטן פּלאַץ, איז געווען אַ פעסטונג פון פּויאישקייט.

גראַד האָט אין מיטן פּלאַץ מאַרשירט אַן אָפּטיילונג עסעס־לייט. זייער געזאַנג האָט אָפּגעהילכט אַרום. פון דער געוועזענער גימנאַזיע א. נ. פון דער הייליקער יאַדוויגע, ווו עס האָט זיך איצט געפונען אַ דייטשע „סאָלדאַטנהיים", האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען פון מוזיק. יינגלעך מיט שאַכטלעך פּאַפּיראָסן זענען פאַרבײַגעלאָפן פאַר דער

געביידע אַהין און צוריק. צוויי ייִנגלעך האָבן זיך פֿאַרביסן אַרומ־געקריגט. זיי האָבן אַפֿילו נישט באַמערקט, ווי מיר זענען אָנגעקומען. קינאָלס אַ פֿייף האָט תיכף געמאַכט אַ סוף צו זייער קריגעריי. זיי האָבן זיך דערנענטערט צו אונדז. ביטשעק האָט געגעבן אַ צייכן און די ייִנגלעך האָבן דיסציפּלינירט זיך אויסגעדרייט. זיי האָבן מיך אָנגעקוקט מיט חשד.

— דאָס זענען אונדזעריקע. אַהער געקומען פֿון דער סאָסקע־קעמפּע, — האָט ביטשעק שטילערהייט מיך אינפֿאָרמירט.

דער ערשטער האָט אויסגעזען אויף אַ יאָר צען (אין דער אמתן איז ער שוין אַלט געווען 13 יאָר). ער האָט געהאַט אַן אָוואַל פּנים, לאַכנדיקע אויגן, אַ לייכט פֿאַרריסענע נאָז און אַרויסשטאַרצנ־דיקע צוויי פֿאָדערשטע ציין. דערפֿון נעמט זיך זיין צונאָמען „זאַמ־באַל"[3]. געטראָגן האָט ער אַ שמוציק ציקליסטן־היטל מיט אַ פֿאַר־ריסענעם דאַשעק. די אָפּגעפּליקטע הויזן זענען אים געהאָנגען איבער די באָרוועסע פֿיס. דער צווייטער — זבישעק[4] — האָט געהאַט אַ טיפּיש אַרישן אויסזען, אַ כוליגאַנישן בליק און אַ נישט ווייניקער כוליגאַנישע צונג, וואָס ער האָט מיר גלייך באַוויזן צו דעמאָנסטרירן פֿון דערווייטנס. ער האָט אויסגעזען ווי אַ טיפּישער שלעפּער. פֿון הינטער דעם אָפּענעם שמוציקן העמד האָט זיך אַרויסגעזען זיין פֿרישטשעוואַטע לייב. אויף די פֿיס — געפּלאַצטע הילצערנע שיך. איך בין זיך מודה, אַז איך האָב נישט שטאַרק געגלויבט אין זיין ייִדישער אָפּשטאַמונג. עס איז אָבער נישט געווען קיין צייט און קיין מעגלעכקייט אויסצופֿרעגן די ייִנגלעך. אַ גרופּע פּאַפּיראָסן־הענדלער, אין דעם, די צוויי ייִדישע ייִנגלעך, האָבן אַרומגערינגלט אַן אָנקומענדיקן דייטשן זעלנער. יעדער האָט געוואָלט פֿאַרקויפֿן זיינע פּאַפּיראָסן, אָדער אויסבייטן זיי אויף פֿלייש־קאָנסערוון, צי סאַרדינען.

דערנעבן, אין גערטנדל, האָבן דייטשע זעלנער — אויפֿן פּאָן פֿון אַ לייוונט מיט אַ לאַנדשאַפֿט — זיך פֿאָטאָגראַפֿירט צום



פלאַץ פון די דריי קרייצן



דייטשע סאָלדאַטנהיים

אַנדענק „גרוס אַוס וואַרשאַו”. דער פּוילישער פאָטאָגראַף איז גע־וועזן באַוואָרפן מיט אַרבעט. אויך די יידישע פּאַפּיראָסן־הענדלער פון פּלאַץ האָבן זיך געמאַכט ענלעכע אויפנאַמעס.

מיר זענען אַוועק ווייטער. אין דער געביידע פון אַמאָליקן טאָ־טאַליזאַטאָר, עק פון פּרוס־גאַס און פּלאַץ פון די דריי קרייצן, האָט זיך געפונען דער זאַמלפּונקט פאַר אונגאַרישע זעלנער, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. דער אַריינגאַנג אין דער געביידע האָבן געהיט צוויי שטיינערנע לייבן. אין איינעם פון זיי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַ ייִנגל פון בערך 14 יאָר. איך האָב דערקענט, אַז דאָס איז אַ ייד. צווישן די לאַפּעס פון לייב איז געלעגן אַ שאַכטל פּאַ־פּיראָסן. ווען ס'ייִנגל האָט דערזען ביטשעקן, האָט ער זיך צע־שמייכלט פולדייטיק.

— דאָס איז דער פראַנצויז [5] פון פּאַריז. זיינע עלטערן זענען דעפּאָרטירט געוואָרן דורך די דייטשן קיין וואַרשע צוליב זייער פוילישער בירגערשאַפט. מיר זענען געווען אין איין טראַנספּאָרט פון געטאָ. מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב איך אים געטראָפן אין פּראַגע — האָט ביטשעק אויפגעקלערט, — איצט האַנדלט ער. עס קומט אים נאָך שווער אָן.

דערנעבן האָבן זיך עטלעכע ייִנגלעך אַרומגעדרייט צווישן אַ גרופּע אונגאַרן. זיי האָבן געהאַנדלט מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט. ביטשעק האָט געוואַנדן מיין אויפמערקזאַמקייט אויף איינעם פון זיי. דאָס איז געווען פּאַוועל [6], אַ פריינד פון זבישעק און זאַמבאַל. פון הינטער דעם נאַרטן־היטל, וואָס איז געווען אַראָפּגעצויגן ביז איבער די אויגן, האָט אַרויסגעקוקט אַ לענגלעך, אָפּ־געצערט פּנים. זיין קליידונג איז געווען, ווי ביי די אַנדערע ייִנגלעך — אָפּגעפּליקט און שמוציק. ער האָט אויסגעזען אויף אַ יאָר 15. ווען נישט ביטשעקס אינפאָרמאַציע, וואָלט איך אַוודאי נישט דער־גאַנגען זיין אָפּשטאַם. די ייִנגלעך האָבן איינס דאָס אַנדערע אָפּגע־שטופּט. — יעדער האָט געוואָלט אויפכאַפּן אַ קונה. מיט די אונגאַרן

האָבן זיי זיך פאַרשטענדיקט אויפן ווונק. פּאַוועל האָט זיך אויפ־געפירט פּונקט ווי די אַנדערע פּוילישע יינגלעך, ער איז נישט אָפּגעטראָטן. דאָס אָפּטרעטן וואָלט אַרויסגערופן אַ חשד.

מיר האָבן נאָך געדאַרפט צוגיין נישט ווייט, אויף קאָנאָפּניצקאַ־גאַס, ווו די עסעס־לייט האָבן געוווינט אין דער געביידע פון „אימ־קאַ". ווי מען האָט מיר שפּעטער אויפגעקלערט האָט זיך נעבן „אימקא" געפונען דער מסחר־פּונקט פון אַ 12 יעריק יידיש יינגל, וואָס האָט געהאַט דעם צונאָמען „בורעק" [7], דערפאַר ווייל ער איז גע־ווען עטלעכע חדשים אַ פּאַסטוך אויפן דאָרף. נאָכן פאַרלירן די אַרבעט איז ער צוריקגעקומען קיין וואַרשע, און זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן. איינער פון די פּאַפּיראָסן־הענדלער האָט אים דערקענט און אים אַריינגענומען אין דער גרופּע. די יינגלעך האָבן אים אויס־געבאָרגט געלט אויף די ערשטע פּאַפּיראָסן און איצט האָט ער שוין געהאַנדלט אויף אייגענער האַנט.

ביטשעק איז פּלוצלונג פאַרשווּנדן. אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך אים דערזען צווישן די אונגאַרן אָפּשליסן עפּעס אַ געשעפט. נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיקט זיינע עסקים מיט די אונגאַרן, זענען מיר צוריק אַוועק אויפן פּלאַץ. דאָס קינאָ „אַפּאָלאָ", פון פריער קינאָ „נאַפּאָלעאָן", איז אויך געווען „נור פיר דויטשע". דאָרט האָבן מיר געטראָפן נאָך איין פּאַפּיראָסן־הענדלער. ער איז אַלט געווען אַ יאָר ניין, אויסגעדאַרט און אָפּגעריסן. כאָטש ער האָט געהאַט בלאָנדע האָר און בלאָע אויגן, האָט נישט געקאָנט זיין קיין ספק ווער ער איז: זיין איבערגעשראָקענער בליק און די סעמיטישע נאָז האָבן עדות געזאָגט. ער איז געשטאַנען ביי אַ מויער און זיך באַמיט נישט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די דורכגייער. אונטערן אָרעם האָט ער געהאַלטן עטלעכע פּעקלעך פּאַפּיראָסן.

דער „קליינער סטאַשעק" [8] — אַזוי האָט מען אים גערופן — האָט זיך נישט פאַרנומען מיט קיין האַנדל. ער האָט בלויז געהאָלפן די פּאַפּיראָסן־הענדלער, האַלטנדיק פאַר זיי אַ זאַפּאַס פון פּאַפּיראָסן.

פון ביטשעקן האָב איך באַקומען עטלעכע וויכטיקע אינפאָר־מאַציעס וועגן יינגל. ער האָט געהאַט רייכע עלטערן. זיי האָבן געוואָלט אַפּראַטעווען זייער זון, האָבן זיי אים אָפּגעגעבן צו באַקאַנטע פּאָליאַקן. די עלטערן זענען אומגעקומען אין געטאָ. דאָס יינגל האָט געוואַנדערט פון איין אַפּוטרופּוס צום צווייטן, אין ערגעץ נישט געקאָנט בלייבן אַ לענגערע צייט, צוליב זיין אויסזען. לסוף האָט ער, אַ דאַנק אַ צופאַל, אָנגעטראָפן אויף דער גרופּע פּאַפּיראָסן־הענדלער פונעם פּלאַץ פון די דריי קרייצן.

— מיט אים האָבן מיר פון סאַמע אָנהייב אָן צרות, — האָט בי־טשעק דערציילט, — די פּוילישע יינגלעך, וואָס האַנדלען אויפן פּלאַץ, האָבן אים איינִיקע מאָל פאַרטשעפּעט און צוגענומען די פּאַפּיראָסן. די עלטערע יידישע יינגלעך האָבן צוריק אָפּגענומען די סחורה מיט כוח.

נעבן דעם אייזערנעם פּאַרקאַן פאַרן אַריינגאַנג אין אינסטיטוט פאַר טויבשטומע, האָט זיך האַרטנעקיק געקריגט אַ פּאָרל פּאַפּיראָסן הענדלער. דאָס מיידל פון אַ יאָר 15, האָט געטראָגן אַן אָפּגעפּליקט קליידל און אַ שמוציק סוועטערל. די גלאַטע בלאָנדע האָר זענען איר אַראָפּגעפאַלן אויף די אַקסלען, אויפן שטערן, איבער די אויגן, האָט זי געהאַט אַ גרויסן שראַם. מען האָט זי גערופן טערעזע [9].

דאָס יינגל, איך איר עלטער, האָט געהאַט אַ סעמיטישן אויס־זען: טונקעלע אויגן און שוואַרצע געקרייזלטע האָר. ער איז געווען אָפּגעריסן, אויסגעזען ווי פאַרמאַטערט. ער האָט געהונקען אויף אַ פוס און דערפאַר האָט מען אים גערופן „קולאַס" [10].

דאָס זענען געווען די גרינדערס פון דער „באַנדע".

— ס'איז געווען מיין קליענט, — האָט טערעזא געשריגן.

— ניין, מיינער, — האָט זיך דער קולאַס געשפּאַרט.

ביטשעק איז צו זיי צוגעלאָפן און עפּעס איינגערוימט. זיי זענען זיך גלייך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

— דאָס מיידל איז אויך אַן „אונדזעריקע"? — האָב איך גע־פרעגט ביטשעקן.



אַנשטאַלט פאַר טויב־שטומע

דער ענטפער איז געווען אַ פּאָזיטיווער.

איך האָב זיך גוט אַרומגעקוקט אויפן פּלאַץ. אין דעם מאָמענט זענען פאַרביי אונדז ווידער אַדורך צוויי יינגלעך מיט שאַכטלעך פּאַפּיראָסן אין די הענט.

— און די־אָ ? — האָב איך געפרעגט.

— דער באָרוועסער איז אַן אונדזעריקער. זענעק [11], פּאַוועלס אַ ברודער.

איך האָב געקוקט און נישט געגלייבט די אייגענע אויגן. די פריערדיקע (פאַנטאַסטישע, לויט מיין מיינונג) דערציילונגען וועגן אַ גרופּע יידישע קינדער, וואָס האַנדלט מיט פּאַפּיראָסן אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן, האָבן איצט אויסגעזען ווי אַ בלאַסער אָפּשיין פון דער ווירקלעכקייט. דאָס וואָס איך האָב געזען, האָט איבערגעשטיגן יעטוועדע פאַנטאַזיע.

— דאָס זענען נאָך נישט אַלע. די איבעריקע געפינען זיך אויף זייערע „פּונקטן" — האָט ביטשעק מיט שטאָלץ צוגעגעבן. — קומט צו „מיינלען", אפשר וועלן מיר דאָרט טרעפן יאַשיען [12] און האַלינקען [13] — האָט ער פאַרגעלייגט.

אויפן עק פונעם פּלאַץ פון די דריי קרייצן און קשאַנזשענצע־גאַס, האָט זיך געפונען דאָס קאָלאָניאַל־געוועלב „יוליוס מיינל — נור פיר דויטשע". נעבן דעם געוועלב האָט זיך געפונען דער האַנדלס־פּונקט פון דער 16־יאָריקער יאַשיאַ. מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט זי זיך איבערגעוואָרפן פון פּאַפּיראָסן־פאַרקויף אויף האַנדל מיט בימבער * און מיט אָפּגעקויפטן בראָנפן ביי די דייטשן. אין דעם מסחר האָט זי בעסער פאַרדינט און זי האָט זיך געקאָנט דערלויבן לייטישער אָנטון. זי האָט אָבער כסדר געהאַט שוועריקייטן מיט אַ נאַכטלעגער. פון אָנהייב האָט זי גענעכטיקט ביי פּוילישע פריינד, אָבער אַ „בייגעריקע" שכנטע האָט זי פון דאָרט פאַריאָגט. דערנאָך האָט זי זיך אַרומגעשלעפּט פון אָרט צו אָרט. עמעצער פון די באַקאַנטע האָט איר צייטנווייז דערלויבט איבערצונעכטיקן. זי האָט אָבער געמוזט פאַרלאָזן דאָס באַקוועמע ווינקל, ווען דער צופעליקער „אַפּוטרופּוס" האָט געוואָלט זי זאָל אים „פאָלגן".

אינעם האַנדל האָט איר געהאָלפן די 15־יאָריקע האַלינקע. זי האָט זיך נישט געוואָלט נעמען צו פּאַפּיראָסן און זיך סתם געדרייט איבערן פּלאַץ. איר שיין פּנימל האָט צוגעצויגן אַ סך „אַדאָראַטאָרן". מתנות האָט זי צוגענומען, אָבער מיט אַלע כוחות האָט זי זיך קעגנגעשטעלט די „איינלאַדונגען" אויף אַ נאַכט.

איך האָב זיך געזעגנט מיט ביטשעקן און אים צוגעזאָגט מאָרגן ווידער צו קומען. דאַן האָב איך זיך אַליין דורכשפּאַצירט איבערן פּלאַץ, געוואָלט זיך צוקוקן פון דער נאָענט צו די ייִנגלעך.

אין אַ גערטנדל אין מיטן פּלאַץ, האָב איך באַמערקט אייניקע

* היימיש געטריבענער בראָנפן פון קאַרטאָפל און צוויקל.

ייִנגלעך זיך קריגן. זייער רעדלפירער איז געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר 14. איך האָב אים דערקענט: דאָס איז געווען דער זעלבער זענעק, וועלכן ביטשעק האָט מיר פריער אָנגעוויזן. ער האָט געהאַט אַן אָוואַל פּנים, טונקעלע דורכשפּיזנדיקע אויגן, טונקעלע האָר, וואָס זענען אים אַראָפּגעפאַלן אויפן שטערן, און דרייסטע באַוועגונגען. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ זייער שמוציקער בלוזע פון אַן אומבאַשטימטער קאָליר און אין קורצע הויזן, וואָס האָבן אים געגרייכט ביז איבער די קני. איך האָב אים אַ רוף געטאָן, האָט ער מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ שאַרפן בליק. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן מיך אַרומגערינגלט דריי ייִנגלעך.

— איר האַנדלט דאָ שוין לאַנג? — האָב איך געפרעגט.

— דו, גיב נאָר אַ קוק ווי שפּעט ס'איז —האָט איינער אַ שטופּ געטאָן דעם צווייטן און אָנגעוויזן אים אויפן גרויסן זייגער, וואָס איז געווען איינגעמויערט אינעם פראָנט פון אינסטיטוט פאַר טויב־שטומע — מיר האָבן געדאַרפט זיין אויף סאָסקע־קעמפּע — האָב איך דערהערט אנשטאָט אַן ענטפער.

איך האָב זיך געכאַפּט, אַז די ייִנגלעך האָבן מורא מיט מיר צו רעדן.

אויף צו מאָרגנס בין איך ווידער אַוועק גאַנץ פרי אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן. אַזוי ווי נעכטן, האָב איך דערהערט די זעלבע געשרייען פון צייטונג־פאַרקויפער און פּאַפּיראָסן־הענדלער.

צוויי פּאַפּיראָסן־הענדלער — דאָס זענען געווען זענעק און זאָמבאַל — זענען צוגעשטאַנען צו אַ דורכגייער:

— פּאַניע, אפשר „עגיפּטישע”? וויפל, וויפל, פּאַניע? דאָס זענען אָריגינעלע, פּאַניע, און אַ גאַנץ פּעקל קאָסט בלויז 30 זלאָטעס — האָט זענעק געלויבט זיין סחורה.

— צו טייער. יענער, — האָט ער אָנגעוויזן אויף זאָמבאַלן. — וויל בלויז 25.

— 25 ? פּאַניע, דאָס זענען „ליפּעס״*, זיי זענען נישט ווערט אַפילו קיין 20.

איך האָב זיך פון דער זייט צוגעהערט צו דער „קאָנקורענץ״. די יינגלעך האָבן „געבלאָפט״ און געמסחרט ווי ס׳האָט זיך געלאָזט.

בין איך אַוועק אין דער ריכטונג פון אינסטיטוט פאַר טויב־שטומע. טערעזע איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן די אייזערנע שטאַכעטן. נעבן איר האָט זיך געדרייט דער קולאָס.

— וואָסערע האָט איר ? — האָט אַ דורכגייער זיך געפרעגט.

— „סוואָיאַקעס״, „מעוועס״, „עגיפּסקע״, פון אַלע סאָרטן, — האָט דאָס מיידל שנעל געענטפערט.

דער קונה האָט באַטראַכט איין פּעקל.

— דאָס איז טינוף — האָט ער געזאָגט — האָסט עפּעס גוטס ?

— פאַרוואָס נישט ? די ביליקע זענען ליפּעס. אפשר דאָס פּעקל ? — האָט זי פאַרגעלייגט.

דער קונה האָט גענוי באַקוקט דאָס פּעקל, באַשמעקט די פּאַפּיראָסן.

— אָ, זעסט ? די זענען טאַקע מאָנאָפּאָל־פּאַפּיראָסן. איך בין אַ מבין, — האָט ער געזאָגט און באַהאַלטן דאָס שאַכטל אין קעשענע. — וויפל צאָל איך ?

— דריי צענערלעך.

— פאַרוואָס אַזוי טייער ?

— ביליקער קאָן איך נישט. איר ווילט מאָנאָפּאָלקעס, טאָ באַצאָלט.

דער קונה האָט אַרויסגענומען געלט פון בייטעלע, באַצאָלט און איז אַוועקגעגאַנגען. טערעזא האָט אַריינגעהויכט אין דער האַנט אויף מזל און באַהאַלטן דאָס געלט אין קעשענע. קולאָס האָט אַ צופרידענער אַ פינטל געטאָן מיטן אויג.

---

* נאָכגעמאַכטע, געפעלשטע.

— האָב איך עס געפּאַקט אַ פרייער, — האָט דאָס מיידל געלאַכט. — אַז ער האָט נישט קיין שכל, טאָ זאָל ער צאָלן, אַ שאָד וואָס איך האָב נישט געזאָגט פינף און דרייסיק. יענע טוען אויך אַזוי, — האָט זי אָנגעוויזן אויף די פּוילישע יינגלעך מיט די פּאַפּיראָסן.

— דו, היט זיך, ער קאָן נאָך צוריקקומען, — האָט קולאָס געוואָרנט.

— וואָס? נאָכן אַוועקגיין פון דער קאַסע, גיט מען נישט צוריק קיין געלט.

כ׳האָב זיך צוגעהערט צו זייער שמועס און כדי לייכטער זיך צו דערנענטערן צו זיי, האָב איך געקויפט אַ פּאָר פּאַפּיראָסן.

— צו איז אייך נישט קאַלט אָן מאַנטלען? — האָב איך געפרעגט.

— אונדז איז זייער וואַרעם, — האָט פילדייטנדיק זיך אָנגגע־רופן קולאָס אוןביידע האָבן זיך איבערגעקוקט.

— ווי אַלט ביסטו? — האָב איך געפרעגט דאָס יינגל.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר פון אונטן אַרויף, דערנאָך זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן. ווייזט אויס, אַז מיין פראַגע האָט אַרויסגערופן ביי אים אַ חשד.

די שטילקייט איז געוואָרן איבערגעריסן מיט דער שאַרפער שטים פון מיידל:

— וואָס גייט דאָס אייך אָן?

דערמיט איז דאָס געשפּרעך געוואָרן פאַרענדיקט.

פון דער אומאַנגענעמער סיטואַציע האָט מיך געראַטעוועט ביטשעק, וואָס איז גראָד אָנגעקומען.

— נו וואָס? זיי ווילן מיט אייך נישט דבר׳ן? — האָט ער געפרעגט מיט אַן איראָנישן שמייכל. — האָב נישט קיין מורא, קולאָס, דאָס איז אַן אונדזעריקער, — האָט ער זיך געוואַנדן צום יינגל.

דאָס אייז האָט אויפגעטייעט. מיר האָבן געשמועסט עטלעכע מינוט ביז קינאָל איז געקומען צו לויפן.



ערשטע ריי (רעכטס): „פראַנצוז", „בורעק" און „קינאַל"
צווייטע ריי (רעכטס): זאַמבאַל און זבישעק.

— זע נאַר, דער איז ווידער געקומען צו קריכן אַהער — האָט ער זיך אָנגערופן צו קולאַסן און אָנגעוויזן אויף אַ קליין יינגל, וואָס האָט זיך דערנענטערט.

דאָס איז געווען דער מיזיניק פון דער גרופּע פּאַפּיראָסן־הענדלער — דער 7־יאָריקער באַלוש[14]. פון אונטער דעם צעפּליקטן שוואַרצן דאַמען־פּוטערל, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ בענדל, האָט זיך אַרויסגעזען אַ צעריסן העמד, און אַלס צולייג האָבן זיך אים נאָכגעשלעפּט לאַנגע צעריסענע הויזן, פאַרשפּילעטע מיט אַן אַגראַפקע אין דער זייט. ער האָט געטראָגן געפּלאַצטע הילצערנע שיך, פון וועלכע מען האָט אַרויסגעזען די הוילע פינגער. פון אונטער דעם צעקנייטשטן בערעט האָבן זיך געשויבערט די טונקעלע האָר. זיין חנוודיק פּנימל און קלוגע אויגן האָבן אַרויס־

גערופן סימפּאַטיע און רחמנות. איצט האָט ער אומרויק זיך אַרומ־געקוקט איבערן פּלאַץ.

ווי נאָר ביטשעק האָט באַמערקט באָלושן, האָט ער אונדז איבערגעלאָזט און איז אַוועק צו אים. אָבער צוויי פּוילישע ייִנגלעך אין עלטער פון 12—14 יאָר, זענען געווען פלינקער פון ביטשעקן, זיי זענען שוין צוגעשטאַנען צום קליינעם:

— דו, ייִדלאַק, גיב געלט! — האָט איינער געשריגן און דער צווייטער האָט אַ שטויס געטאָן דעם קליינעם. באָלוש האָט אָנגעהויבן זיך צוריקציען. דעמאָלט האָט זיך ביטשעק אַריינגעמישט. מיטן גאַנצן כּוח האָט ער אָפּגעשטופּט איינעם פון די ייִנגלעך און דעם צווייטן האָט ער געדראָט מיטן פינגער פאַר דער סאַמער נאָז.

— ייִדישער פעטער! דו נעמסט זיך אָן פאַר אַ ייִדלאַק, ביסטו אַליין מסתמא א ייִד! — האָבן געשריגן די אַנטלויפנדיקע פּוילישע ייִנגלעך.

ביטשעק האָט זיך נישט איבערגענומען מיט די געשרייען.

— גיי צו די וואַרעמע קאַלאַריפערן! זאָל מען דיך דאָ מער נישט זען! אין אָוונט וועלן מיר זיך טרעפן ביי דער „באַבטשע“, — האָט ער קורץ באַפוילן באָלושן. דער קליינער האָט געוויינט.

קולאַס האָט געזען מיין פאַרוווּנדערטע מינע, האָט ער מיר אויפגעקלערט, אַז די אַנוועזנהייט פון באָלושן אויפן פּלאַץ באַדראָט די זיכערקייט פון קליינעם און אויך פון די עלטערע ייִדישע ייִנגלעך, ווייל אויפן פּלאַץ גייען אַרום קלאַנגען וועגן באָלושן, אַז ער איז אַ ייִד.

דער אָנפאַל אויף באָלושן האָט פאַר מיר קלאָר געמאַכט די געפאַר, וואָס דראָט די פּאַפּיראָסן־הענדלער. איך האָב באַשלאָסן אָנצובינדן מיט זיי אַן ענגערן קאָנטאַקט און העלפן זיי מיט וואָס עס איז נאָר מעגלעך. איך בין געוואָרן אַן אָפטער גאַסט אויפן פּלאַץ און ביסלעכווייז האָב איך זיך באַקענט מיט אַלע פּאַפּיראָסן־הענדלער.

אַ סך מי האָט מיך געקאָסט אַרויסצובאַקומען פון זיי עפּעס וועגן זייער פאַרגאַנגענהייט. פון אָנהייב האָבן די ייִנגלעך נישט געהאַט

קיין צוטרוי. זיי האָבן אומגערן געענטפערט, און אַלע פּרווון צו פאַרנאָטירן זייערע דערציילונגען האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ פאַרעקשנטן ווידערשטאַנד. זייער לעבן איז געווען שטורמיש, אָבער אָרגאַניזירט. די פּאַפּיראָסן־הענדלער האָבן זיך קעגנזייטיק געהאָלפן. אין פאַל פון אַ נויטווענדיקייט האָבן די עלטערע פאַרטיידיקט די ייִנגערע. זיי האָבן געזאָרגט וועגן ריינקייט, וואָס איז אַזוי שווער געווען איינצוהיטן אין יענע באַדינגונגען. יעדע וואָך זענען זיי אַלע צוזאַמען געגאַנגען אין אַזוי גערופענעם „גיגאַנט״* ווו עס האָט זיך געפונען די שטאָטישע באָד. דאָרט האָבן זיי אויך אַדורגעפירט אַ גענעראַלע רייניקונג און אַן „אַנטלויזונג״ פון די מלבושים. זיי האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל פון „וויכטיקע״ און געגעבן דעם בעדער אַ פעטן טרינק־געלט, כדי ער זאָל קיינעם נישט ארייינלאָזן ווען זיי וועלן זיך באָדן... אין דער אמתן איז דאָס געווען נויטווענדיק פאַר זייער זיכערקייט, אַ שוצמיטל קעגן אַ מעגלעכן „פאַרשיטן״.

זייערע טעג זענען געווען ענלעך צו זיך, אָבער אין דער זעלבער צייט זענען זיי פול געווען מיט אַלץ נייע געשעענישן און עמאָציעס. אין דער פרי האָבן זיי איינגעהאַנדלט די זאַפּאַסן פּאַפּיראָסן, דער־נאָך זיך אַוועקגעשטעלט אויף זייערע „האַנדלס״־פּונקטן און אָנגע־שטרענגט זייער גאַנצע איינפאַלערישקייט, כדי צו פאַרקויפן וואָס מער. דערביי איז זיי נישט געגאַנגען בלויז אין פאַרדינסט, נאָר אויך אין דער מעגלעכקייט צו קאָנען זיך באַרימען פאַר די קאָלעגן מיטן דערגרייכטן דערפאָלג. צוליב דעם זעלבן טעם האָבן זיי אויך נישט ליב געהאַט, ווען עמעצער, אַפילו פון די נאָענטסטע קאָלעגן, איז זיי אַריין אין וועג. זיי האָבן צווישן זיך געפירט אַ פאַרביסענע קאָנקורענץ.

ווי סאָלידאַריש זיי זענען געווען לגבי די פּוילישע ייִנגלעך, אַזוי האָבן זיי געקענט זיך קריגן צווישן זיך, ווען עס האָט זיך

* אַ נאַכטלעגער פאַר היימלאָזע אויף יאַגיעלאָנסקע 19.

געהאַנדלט וועגן „אָפּשלאָגן" אַ קונה. מיטאָג האָבן זיי געגעסן אין די קיכן פון ר. ג. אָ. ביינאַכט זענען זיי געגאַנגען שלאָפן אויף זייערע „מעטעס"*. די מערהייט פון זיי איז אַוועק צו אַ געוויסער פּאַלקע, אַ הויזוועכטערין פון קרוטשע 16. זיי האָבן זי גערופן „באַבטשע".

די אָונטן ביי דער „באַבטשע" האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין פאַרזאַמלונגען. דאָס איז געווען דאָס איינציקע אָרט, ווו די קינדער האָבן פריי געקאָנט אַרומרעדן די געשעענישן פון טאָג, דערציילן וועגן די דערפאָלגן, צי דורכפאַלן, אַ טראַכט טאָן וועגן נייע פאַרדינסט־מעגלעכקייטן, אָדער באַהאַנדלען וועלכע עס איז וויכטיקערע פּלענער.

מיין באַווייזן זיך אויפן פּלאַץ, מיינע טעגלעכע וויזיטן דאָרטן, האָבן אַרויסגערופן פאַרשידענע קאָמענטאַרן. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווסט, איז אויף דער אָנטרעסאָלע ביי דער „באַבטשע" פאָרגעקומען אַ פאָרמעלע באַראַטונג וועגן מיין ענין. איך בין דאָך נישט געווען קיין ייִנגל אין זייער עלטער, כ׳בין אַרויסגעשווומען ווער וויס פון וואַנען, נישט פאַרלאַנגט זייער הילף, דערפאַר בין איך אָבער געווען „טשעקאַווע" און זיי געמאַטערט מיט שאלות.

— דער בייער, דאָס איז אַ פאַרדעכטיקטער טיפּ, — האָט טערעזע געזאָגט.

— מיך האָט ער עפּעס אויסגעפרעגט וועגן פאַרשידענע זאַכן, — האָט קולאַס צוגעגעבן.

— וואָס עפּעס גייט ער פון איינעם צום צווייטן, אינטערעסירט זיך מיט יעדן, פרעגט וועגן זיין געשיכטע? וואָס גייט עס אים אַלץ אָן? — האָט זענעק אויסגעדריקט זיינע ספקות.

— אפשר וויל ער אונדז „פאַרשיטן" (אַרויסגעבן)? — האָט עמעצער זיך אַרויסגעכאַפּט.

צום גליק האָב איך געוווּנען דעם צוטרוי פון ביטשעקן, וועלכער

* באַהעלטעניש, נאַכטלעגער.

האָט געהאַט אויטאָריטעט ביי זיי. עס איז געגנוג געווען, אַז ער זאָל אַ זאָג טאָן: „האָט נישט קיין מורא, ער איז אַן אונדזעריקער. איך האָב אַ גוטע נאָז״! — און זייערע חשדים זענען צערונען געוואָרן. ביטשעקן האָט אויך אונטערגעהאַלטן קינאָל.

— ע, איך זע, אַז איר קריגט „בויצע״, איר פרייערס. וואָס קאָן ער אונדז טאָן? ער איז דאָך אַליין אַ ייד. אויב ער וועט אָנהייבן צו רודערן, וועלן מיר אים פריער אויסענדיקן! — האָט צוגעוואָרפן זבישעק. זייט דאַן האָט מען מיך שוין פיין אויפגענומען בעת מיינע וויטערדיקע באַזוכן אויפן פלאַץ.

# 3

## א ברידערלעכע האנט

אין אַ געוויסן אָוונט, אַ פּאָר טעג שפּעטער, איז אין פּאָר־קאָנספּירירטן צימער אויף דער גאַס פון 6־סטן אויגוסט, נומער 58 (איצט איז דאָס די גאַס נאָוואָוויעיסקע), פּאָרגעקומען די אָרדענט־לעכע פּאַרזאַמלונג פונעם קעמערל פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט *

אויף דער דאָזיקער פּאַרזאַמלונג זענען אָנוועזנדיק געווען: „מיכאל” (ד”ר א. בערמאַן), „באַשע” (ב. טעמקין־בערמאַן), „באָגושע” (קלימא פּוסווערג־קרימקאָ), „טשעסלאַווע” (לאָטע וועגמייסטער), „יוזשיאָ” (י. זיסמאַן־זשעמיאַן) **, „סטאַשע” (העלענע מערענהאָלץ) און „וואַנדע” (בעלע עלסטער־ראָטענבערג).

מיר האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום אַ געדעקטן טיש, ווו ס'האָט זיך געפונען קאַווע מיט קיכלעך, כדי ס'זאָל אימיטירן עפּעס אַ שמחה. גערעדט האָט מען זייער שטיל און פון צייט צו צייט האָט מען דורכן פּאָרהאַנג געוואָרפן אַ בליק אויף דער גאַס.

נאָך „מיכאלס” עטלעכע קורצע אויפקלערונגען, האָבן די אַנ־דערע אָפּגעגעבן באַריכטן פון זייער טעטיקייט אין דער לעצטער צייט און געמאַכט די חשבונות וועגן דער אַקציע פון מאַטעריעלער

---

* דער זש. ק. נ. — די אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער אונטערערד אין וואַרשע, האָט אויסער דער פּאָליטישער טעטיקייט, אַרויסגעגעבן פּובליקאַציעס און זאַמלען דאָקומענטן וועגן חורבן, אויך פאַרנומען זיך מיט געבן הילף די יידן אין די לאַגערן, געהאָלפן די אויסבאַהאַלטנדיקע זיך אויף דער אַרישער זייט מיט פאַלשע דאָקומענטן און באַהעלטענישן. די אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער אונטערערד.

** דער מחבר.

הילף. נאָך אַ קורצער הפסקה האָט מען אָנגעהויבן צונויפצושטעלן דעם פּלאַן פון דער נאָענטער אַרבעט און פונאַנדערצוטיילן די פאָנדן פאַר די אויסבאַהאַלטענע יידן. זיי האָבן די הילף באַקומען דורך דער פאַרמיטלונג פון ספּעציעלע יידישע און פּוילישע פאַרבינדלערס, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט אַ געוויסע צאָל מענטשן אונטער זיין השגחה.

אין דורכשניט האָט יעדער אויסבאַהאַלטענער ייד באַקומען 500 זלאָטעס אַ חודש. די סומע האָט געסטייעט אויף אַ באַשיידענער דערנערונג. עס זענען אָבער אויך געווען פאַלן ווען מען האָט געגעבן אַ גרעסערע מאַטעריעלע הילף. מענטשן, וועלכע האָבן פאַרן אויס־באַהאַלטן זיי געמוזט געבן אַ גרעסערן אָפּצאָל, אָדער זיי האָבן זיך געמוזט אויסקויפן ביי פאַרשידענע „שמאַלצאָווניקעס“.

אַ גרעסערע מאַטעריעלע הילף האָבן אויך באַקומען געוועזענע געזעלשאַפטלעכע טוערס, געלערנטע, קינסטלערס און אויך די אָפּגעראַטעוועטע געטאָ־קעמפער.

נישט איין מאָל איז דערגאַנגען צו שאַרפע דיסקוסיעס ביים פונאַנדערטיילן די פאָנדן. יעדער פון די אָנווייזנדיקע האָט געהאַט זיינע מענטשן, איבער וועלכע ער האָט געהאַט די השגחה. אַ שטייגער: ס׳רוב פון דער אינטעליגענץ — צווישן זיי גוט־באַקאַנטע נעמען — האָט זיך געפונען אונטערן שוץ פון סטאַשע, באַגושע און טשעסלאַווע; דאָס האָט געהאַט אַ השפּעה אויף דער געלט־צעטיילונג.

באַשע, מיכאַלס רעכטע האַנט, און וואַנדע, האָבן געהאַט אונ־טער זייער אויפזיכט אַ ריי געוועזענע געזעלשאַפטלעכע טוער. צווישן מיינע מענטשן האָבן זיך געפונען ווייניק באַרימטקייטן. מערסטנטייל זענען דאָס געווען יונגע אינטעליגענטן, אָדער באַלמעלאָכעס — כלערליי יידן, וועלכע איך האָב צופעליק געטראָפן. על פּי רוב האָבן זיי נישט געהאַט קיין זיכערע „מעלינעס“. נאָכן אַנטלויפן פון געטאָ האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער „אַרישער זייט“ אין

חורבות, אָדער אויף די פעלדער. גראָד אַזעלכע מענטשן האָבן זיך געניטיקט אין אַ באַזונדערער השגחה און הילף. אונטער מיין אויפזיכט האָב איך געהאַט אַ גרויסע צאָל „ספּעציעלע פאַלן" — ווי באַשע האָט זיי אָנגערופן.

נאָכן אויסשעפּן די לויפנדיקע ענינים, האָב איך געמאָלדן וועגן אַנטדעקן אַ גאַנצע גרופּע יידישע קינדער — פּאַפּיראָסן־הענדלער אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן.

דאָס אויפקלערן דעם ענין, ווי אויך די דיסקוסיע אַרום דעם, האָט פאַרנומען אַ ביסל מער צייט ווי די אַנדערע פראַגן, ווייל דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג, וואָס האָט איבערראַשט די אָנוועזנדיקע. וואָס אַן אמת זענען צווישן די איבער דריי הונדערט מענטשן, מיט וועלכע איך האָב זיך פאַרנומען, געווען אויך קינדער, אָבער זיי האָבן זיך באַהאַלטן צוזאַמען מיט עמעצן פון דער משפחה, אָדער ביי פריינד פון דער משפחה. און דאָ — איינזאַמע קינדער, אָן קיינעמס הילף.

דאָס אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט איינזאַמע יידישע גאַסן־קינדער האָט געמוזט געבוי באַהאַנדלט ווערן. מען האָט געמוזט באַשטימען די טאַקטיק, ווי אַזוי פאַרצוטרעטן אין דעם ענין און אויך פעסטשטעלן די געהעריקע פאָרם פון אויפזיכט איבער די קינדער. אין דער דיסקוסיע האָבן זיך אַרויסגערוקט צוויי פאַרשידענע מיינונגען: טייל האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק, ווי וויט מעגלעך צוצונעמען די יידי־שע קינדער פונעם פּלאַץ פון די דריי קרייצן און זיי איינלאָקירן צו צוויי־דריי אין פאַרשידענע „מעטעס" (דאָס איז אַגב, נישט געווען קיין לייכטע זאַך), אַנדערע דאַקעגן זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז מען דאַרף האַנדלען מער פאָרזיכטיק. צוערשט דאַרף מען פאַמעלעך און מיט שכל געווינען דעם צוטרוי און די פריינדשאַפט פון די קינדער, און אויסבאַהאַלטן פון זיי דעם פאַקט, אַז עס עקזיסטירט אַ יידישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע. אמת, די ידיעה וועגן דער עקזיס־טענץ פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע וואָלט זיי געקאָנט דערמוטיקן און

צוגעבן ענערגיע אין קאַמף פאַרן לעבן. אָבער גלייכצייטיק איז עס געווען אַ סכנה פאַרן פאַרבינדלער, וואָס וואָלט זיך קאָנטאַקטירט מיט זיי, ווי אויך פאַר דער אָרגאַניזאַציע גופא. מען האָט אויך גע־האַלטן, אַז מ׳דאַרף די קינדער ווייטער לאָזן אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן, ווייל זייער באַשעפטיקונג, אויסזען און אויפפירונג, האָט פאַרהעלטנישמעסיק גוט מאַסקירט זייער אָפּשטאַמונג. בלויז די פּוילישע יינגלעך, וואָס האָבן פאַרקויפט פּאַפּיראָסן צוזאַמען מיט די יידישע, האָבן געקאָנט נאָך אַ לענגערער אָבסערוואַציע וואַרפן אַ חשד אויף דעם אָדער יענעם קינד. אין אַזאַ פאַל וועט מען אַזאַ קינד מוזן תיכף איזאָלירן פון די אַנדערע, צונעמען עס פון פּלאַץ און איינאָרדענען אויף שטענדיק, אין אַ פּוילישער שטוב, ד. ה. אַן צו באַווייזן זיך אין גאַס.

אַלע זענען געווען איינשטימיק אין דעם, אַז מען דאַרף פאַרזאָרגן די קינדער מיט די נויטיקע פאַלשע דאָקומענטן. פאַרשטייט זיך, אַז דערביי טאָרן זיי זיך נישט דערוויסן וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ „פאַבריק״ פאַר אַזעלכע פּאַפּירן. חוץ דעם איז באַשלאָסן געוואָרן צו העלפן די קינדער מיט געלט און מלבושים, אָבער די באַקומענע הילף זאָל נישט משפּיע זיין אויף זייער אויסערלעכן אויסזען און אויפפירונג, אַזאַ ענדערונג וואָלט געקאָנט אַרויסרופן אַ פאַרדאַכט מצד דער סביבה. לסוף איז באַשלאָסן געוואָרן נישט צו „ליקווידירן״ דעם פּלאַץ פון די דריי קרייצן, די קינדער זאָלן בלייבן אויפן אָרט, אין דער סביבה און אינעם שטייגער, צו וועלכע זיי האָבן זיך שוין צוגעוווינט. איך האָב באַקומען די פולע הסכמה צו פאַרנעמען זיך אוממיטלבאַר מיט די קינדער.

אויף צו מאָרגנס אין דער פרי בין איך אַוועק אין מיין „ביוראָ״ אין אַ געוועלבל פון גרינס אויף דער סענדזשאָווסקע־גאַס נומער 5. די באַלעבאָסטע פון געוועלבל, וועלכע מען האָט גערופן „די באַב־טשע״, עוואַ בזשוסקאַ, איז געווען אַ 60 יאָריקע פרוי, נאָך פריש און מונטער, פול מיט הומאָר און ענערגיע, מיט אַן אָפן האַרץ

פאַר מענטשלעכער נויט. זי האָט געהאָלפן יידן אויף פאַרשידענע אופנים — דערנערט יידישע קינדער, אויסבאַהאַלטן יידן, אַנט־לאָפענע פון דער דייטשער פּלאַצווקע „העערעסקראַפטפאַהרפּאַרק"; אויסבאַהאַלטן יידישע אומלעגאַלע אויסגאַבעס, פאַלשע דאָקומענטן; מעטריקעס, דרוק־מכשירים „קענקאַרטעס" און אַנדערע קאָנספּיראַ־טיווע מאַטעריאַלן.

דער „באַבטשעס" קרעמל איז געווען אַ וויכטיקער פאַרבינ־דונג־פּונקט פון דער יידישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. דאָרט האָט מען איבערגעלאָזט קאָרעספּאָנדענץ און אָפּגעשמועסט באַ־געגענישן.

אין דעם געוועלבל האָב איך דערליידיקט אַ טייל פון מיינע „קליענטן"; מיט אַנדערע האָב איך זיך אָפּגעשמועסט אין שטאָט.

די „באַבטשע", ווען זי האָט זיך דערוווּסט וועגן דער עקזיסטענץ פון דער גרופּע יידישע קינדער אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן, האָט זיך זייער דערפרייט, ווי עס וואָלט זיך אָפּגעפונען עמעצער פון איר נאָענטסטער משפּחה.

נאָך דעם ווי איך האָב דערליידיקט די לויפנדיקע ענינים אין „ביוראָ", בין איך אַוועק אויף דער פריער אָפּגעשמועסטער באַ־געגעניש מיט ביטשעקן. דאָס יינגל האָט שוין געוואַרט אויף מיר; נישט ווייט פון אים האָב איך באַמערקט זיך אַרומדרייען קינאָלן. אין אַ ווײַלע אַרום זענען מיר אַלע דריי שוין געזעסן אויף די שטיגן פון אַן אָפּיצינע אין אַ שכנותדיק הויז.

— שטעלט אייך פאָר, אַז איך האָב געקריגן אַ קאָנטאַקט מיט אַ פּאָלקע פון דער „אָרגאַניזאַציע" — האָב איך זיך אָנגערופן, נאָך איידער איך האָב זיך באַגריסט מיט די יינגלעך — דורך איר וועט זיך מיר אפשר איינגעבן צו שאַפן פאַר אייך דאָקומענטן.

ביטשעק איז אַזש אויפגעשפּרונגען פון פרייד. דער שענסטער חלום פון די פּאַפּיראָסן־הענדלער איז געווען צו באַקומען פאַלשע דאָקומענטן. בלויז געציילטע פון זיי האָבן געהאַט וועלכע עס איז

מעטריקעס; די איבעריקע האָבן נישט פאַרמאָגט דאָס מינדסטע פּאַפּירל. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, פאַרגרעסערט די סכנה בעת אַ דורכפאַל.

— דאָ האָט איר 500 זלאָטעס אויף איינצוקויפן פּאַפּיראָסן — האָב איך געזאָגט און אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ באַנקנאָט.

די ייִנגלעך האָבן קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דאָס געלט. זייער רעאַקציע האָט מיך איבעראַשט. איך האָב אַפילו געמיינט לכתּחילה אַז זיי האַלטן די סומע פאַר צו קליין.

— נעמט, אפשר וועל איך מאָרגן נאָך באַקומען, — האָב איך זיי געפּרוּווט איבערצייגן.

אָבער די ייִנגלעך האָבן זיך געהאַלטן ביי זייערן:

— מיר דאַרפן נישט קיין געלט, — האָט ביטשעק דערקלערט —

— אויב מ׳וויל אונדז העלפן, טאָ זאָל מען קודם כּל צונעמען פון פּלאַץ אונדזער קלענסטן, באַלושן. צוליב אים קאָנען מיר אַלע אַריינפאַלן.

איך האָב צוגעזאָגט די ייִנגלעך, אַז איך וועל זייער ביטע איבערגעבן „דער פאַלקע ״. מיר האָבן זיך געזעגנט און אַרויס אין גאַס. כּמעט ביים סאַמע טויער האָבן זיך די ייִנגלעך אָנגעשטויסן אויף קולאַסן. פון דער ווייטנס האָב איך געזען ווי ער האָט עפּעס איינ־געטענהט מיט ביטשעקן. ווען איך האָב אָנגעקוקט קולאַסן, האָב איך דערזען פאַר זיך דאָס בילד פון די הונדערטער און טויזנטער היימ־לאָזע בעטלער־קינדער אין געטאָ. אַזעלכע קינדער האָבן טאַקע מיט בעטלעריי און שמוגל אויסגעהאַלטן גאַנצע משפּחות. פאַרמשפּטע צום טויט, געררודפטע און געפּייניקטע — האָבן זיי אויסגעפונען מיטלען ווי אַזוי אויסצומיידן די געפאַרן. זיי האָבן געוווסט ווי זיך צו פאַר־טיידיקן און צו קעמפן פאַר יעדן טאָג, פאַר יעדער שעה פון לעבן. קולאַס איז געווען איינער פון די טיפּן ייִנגלעך.

# 4

## די קליינע שמוגלערס

פאַר דער מלחמה איז די עלטערן פון קולאַסן (דעמאָלט האָט ער נאָך געהייסן יאָסל) נישט שלעכט געגאַנגען. דער טאַטע האָט גוט פאַרדינט און די מאַמע האָט זיך פאַרנומען מיט דער באַלע־באַטישקייט. זייערע זעקס קינדער האָבן זיך געלערנט אין שול.

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע און דאָס געטאָ איז געשלאָסן געוואָרן, האָט דער פאָטער פאַרלוירן די פּרנסה און מען האָט באַלד אָנגעהויבן צו הונגערן.

— מאַמעשי, איך וועל גיין אויף דער „אַרישער זייט" און ברענגען ברויט, — האָט יאָסל געזאָגט. (ער איז דעמאָלט אַלט געווען 12 יאָר).

— ניין, ווי לאַנג מיינע אויגן זענען אָפן, וועל איך נישט דערלויבן, אַז מיין קינד זאָל גיין בעטלען. אפילו איך זאָל שטאַרבן פון הונגער — האָט די מוטער געענטפערט.

זי האָט געקענט אַ ביסל נייען, געהאַט אַ ניימאַשין אין שטוב, אַ מאָל פלעגט זי נייען פאַר אירע שטוביקע. איצט האָט זי זיך געשאַפן אַ פּוילישע קליענטעלע צווישן יענע, וואָס האָבן געהאַט דערלויבענישן אריינצוגיין אין געטאָ. פאַר דער אַרבעט האָט מען געצאָלט מיט אַ ברייטל, אָדער מיט אַ ביסל קאַרטאָפל. פון שטוב האָט מען אויספאַרקויפט פאַרשידענע חפצים און פאַר דעם געלט האָט דער פאָטער געבראַכט אַ ביסל שמאַלץ, אָדער אַ שטיקל פערד־פלייש. אָבער אַלץ וואָס מען האָט געקאָנט פאַרקויפן, האָט זיך גיך אויסגעלאָזט.

דער הונגער האָט אומאויפהערלעך געמאַטערט, עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע סימנים פון הונגער־געשווילעכטס.

— מאַמעשי, לאָז מיך גיין אויף דער אַרישער זייט, וועל איך ברענגען קאַרטאָפל — האָט ווידער יאָסל געבעטן.

— ניין, איך וויל נישט, זיי קאָנען דיך דערהרגענען — האָט די מוטער געזאָגט.

די בויט האָט זיך אַריינגעריסן פון אומעטום. פון שטוב האָט גע־יאָגט אַ קעלט. די פּאָדלאָגע איז פאַרוואַקסן געוואָרן מיט שמוץ, קיינער האָט זי נישט געוואַשן. די קינדער האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אויפן הויף. דאָס זעקס־יעריקע שוועסטערל האָט גאַנצע טעג גע־וויינט פון הונגער.

— ס׳וועט שוין לאַנג נישט דויערן, די מלחמה וועט זיך ענדיקן, — האָט דער טאַטע כסדר איבערגעחזרט זיין לידל.

אָבער מיט יעדן טאָג האָט ער פאַרלוירן די כוחות. די באַקנביי־נער האָבן ביי אים אַלץ מער אַרויסגעשטאַרצט. די גאַנצע משפּחה האָט ממש אָנגעהויבן אויסצוגיין פון הונגער. יאָסל האָט ווידער גע־נומען צושטיין און בעטן:

— מאַמעשי, איך וועל אַוועק אויף דער אַרישער זייט און ברענגען אַ ביסל עסן.

דאָס מאָל האָט קיינער נישט געזאָגט „ניין". זיי האָבן געשוויגן. יאָסל האָט עס גוט פאַרשטאַנען: ער האָט גענומען ביים טאַטן אַ פּאָר זלאָטעס.

צו מאָרגנס אין דער פרי איז ער אַרויס פון שטוב. נישט געקוקט אויף דער פריער שעה, איז דאָס געטאָ פול געווען מיט מענטשן, וואָס האָבן געאיילט צו דער אַרבעט אין געטאָ, אָדער צו די דייטשע „פּלאַצווקעס" אויף „יענער זייט". יאָסלס טונקעלע אויגן און שוואַרצע האָר, זיינע באַרוועסע פיס, בלאָע פון קעלט, דער אָפּגעפליקטער פּאַלטן, וואָס האָט געהאַט איינגעניטע קעשענעס אויף צו טראָגן קאַרטאָפל — דאָס אַלץ האָט נישט איבערגעלאָזט

קיין ספק וועגן זיין אָפּשטאַם. אָט די „פּעלערן" האָט ער געקאָנט דעקן בלויז מיט זיין דורכגעטריבנקייט און שטאַרקן ווילן צו העלפן דער הונגעריקער משפחה.

ער איז אַוועק צו דער „וואַך"* אויף לעשנאָ עק זשעלאַזנע. אַ גרופּע אַרבעטער, וואָס איז אַרויס צו דער אַרבעט אויף די „פּלאַ־צוווקעס" האָט געוואַרט אין דער ריי צו דער רעוויזיע. יאַסל האָט זיך אַריינגעדרייט צווישן זיי און אַרויסגעקריגן זיך אויף דער „אַרישער זייט". אין ערשטן פּוילישן געוועלב האָט ער געקויפט צוויי ברייטלעך פאַרן געלט, וואָס ער האָט באַקומען פון פאָטער.

צוריק אין געטאָ האָט ער זיך אַריינבאַקומען אויפן זעלבן אופן ווי ער איז אַרויס. ווי נאָר ער איז אַריבער די „גרענעץ" האָבן זיך צו אים אויסגעשטרעקט הענט מיט געלט. יאַסל האָט פאַרקויפט איין ברייטל, מיטן צווייטן איז ער געלאָפן אַהיים. די עלטערן זענען געלעגן אָן כוחות. ער האָט אָפּגעגעבן דעם פאָטער דאָס פריער גענומענע געלט און אַוועקגעלייגט דאָס ברייטל אויפן טיש. די מוטער האָט אַ קוש געטאָן יאַסלען און אָנגעהויבן צו וויינען.

אויף צו מאָרגנס אין דער פרי האָט יאַסל ווידער געטון דאָס זעלבע. אויף דער „אַרישער זייט" האָט ער איינגעקויפט ברויט און צוריקגעקומען אין געטאָ. אין עטלעכע טעג אַרום פלעגט ער שוין צוריקקומען אַ באַלאָדענער מיט אַ רוקזאַק קאַרטאָפל און לעבלעך ברויט האָבן ביי אים אַרויסגעשטאַרט פון אונטער די אָרעמס.

— מיין טייערער זון און פרנסה־געבער! — האָט אים געבענטשט די מוטער.

די שוועסטערלעך האָבן ווידער זיך אָנגעהויבן צו שפּילן אויפן הויף. די מאַמע האָט אויסגעריבן די פּאָדלאָגע. ביים אָונטברויט, — דעם איינציקן וואַרעמען מאָלצייט, — האָט די מאַמע געזעצט יאַסלען אויף אַ בכבודיק אָרט, אין פּאָטעל.

---

* דאָס געטאָ־טויער.

יעדן טאָג איז דאָס ייִנגל אַרויס פון געטאָ — אַ מאָל דורך דער „וואַך״, אַ מאָל דורך אַ לאָך אין דער מויער. גאַנץ אָפט האָבן אים דאָרט פאַרטשעפּעט „שמאַלצאָווניקעס״ און צוגענומען ביי אים דאָס געלט. עטלעכע מאָל האָבן זיי ביי אים צוגענומען די פּראָדוקטן. ער האָט זיך אויסגעלערנט צו דינגען און אויסקויפן זיך ביי זיי.

איין מאָל — דאָס איז געווען תחילת ווינטער 1941/42 — איז יאָסל צוריקגעקומען אַ באַלאָדענער מיט קאַרטאָפל, ער האָט זיך געטרייסלט ווי אין קדחת. זיין פּנים איז געווען רויט, די אויגן האָבן געגלאַנצט פון היץ. דער פלעקטיפוס האָט אַוועקגעלייגט דעם שפּייזער פון דער משפּחה, ער איז אַוועק אין שפּיטאָל. אין צוויי טעג אַרום זענען קראַנק געוואָרן די מאַמע און אַ שוועסטער. אין שטוב זענען געבליבן דער טאַטע מיט פיר קינדער. זיי האָבן געקאָכט זופּ פון די קאַרטאָפל און טאָגטעגלעך געטראָגן אין שפּיטאָל אַריין. אין צוויי וואָכן אַרום איז די מוטער געשטאָרבן. יאָסל און די שוועסטער זענען שוואַכע, אויסגעמאַטערטע, וואַקלענדיק זיך אויף די פיס, געקומען צוריק אַהיים. אויף דער ערד זענען געלעגן דער טאַטע און דער עלטערער ברודער מאיר. זיי האָבן שוין נישט געהאָט קיין כוח זיך אויפצוהייבן. זיי האָבן כמעט גאָרנישט געגעסן די גאַנצע צייט; אַלע האָבן זיי אַוועקגעטראָגן אין שפּיטאָל אַריין. צו ראַטעווען זיי איז שוין געווען אוממעגלעך. געבליבן איז יאָסל מיט פיר שוועסטער — סקעלעטן, אַנגעטוענע אין שמאַטעס.

דער הונגער האָט באַהערשט דאָס געטאָ. די מגיפה פון פלעקנטיפוס האָט זיך אַלץ מער פאַרשפּרייט, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די לאַנגזאַמע גסיסה, די גרענעץ צווישן לעבן און טויט איז פאַרווישט געוואָרן. יעדע עטלעכע טריט אין גאַס איז געלעגן אַ מענטש. טייל האָבן נאָך געבעטן אַ שטיקל ברויט, אַנדערע זענען געווען אומבאַוועגלעך, געשוואָלן, מען האָט נישט געהערט פון זיי קיין פּיפּס. זייערע אויגן זענען געווען איינגעפאַלן, דאָס פּנים, די הענט און פיס געשוואָלן. די קערפּערס האָבן שוין אָנגעהויבן צו פוילן, כאָטש דער

דופק האָט נאָך אין זיי געקלאַפּט. פון די מכות אויף זייערע גופים איז געבליבן אַ שטינקענדיקע פליסיקייט. די ווייס האָבן זיך אַלץ עפּעטער אָראָפּגעלאָזן.

נעבן די מויערן זענען געלעגן מתים, באַדעקטע מיט ציימונגען. די ווייסע פּאַפּירן האָבן ווי געצייכנט דעם וועג פון טויט. די דייטשן האָבן צוגעשטעלט אַ ספּאָרטפּלאַץ בשכנות מיטן בית־עולם פאַר די אַלץ־וואַקסנדיקע טויט־באַדערפעניש — ביז דריי הונדערט מתים זענען געווען טאָג־טעגלעך. דער בית־עולם איז געוואָרן אַלץ גרעסער, דאָס געטאָ — אַלץ קלענער. די גאַסן זענען געווען פאַרגאָסן מיט דער בלאָטע פון טייענדיקן שניי, אויף די היף האָבן געפוילט בערג פון נישט אַרויסגעפירטן מיסט. יעדע עטלעכע טעג זענען די וואַסער־רערן קאַליע געוואָרן. מיט אַן אומגעוויינלעכער שנעלקייט האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַרשידענע קראַנקייטן, באַזונדערס — דער פלעקנ־טיפוס. די שפּיטאָלן זענען געווען איבערפולט. כמעט אויף יעדן טויער איז געווען אַן אויפשריפט: „פלעקפיבער! איינטריט פאַרבאָטן!”.

יאָסל און די שוועסטער זענען ביסלעכווייז אויסגעגאַנגען, אַ שפּאַן האָט זיי בלויז געטיילט פון טויט. דער ווילן צום לעבן האָט זיי אָבער געשטאַרקט און מיט די לעצטע כוחות האָבן זיי זיך אַרויס־געריסן פון היבער־פלעט. אין אָוונט האָבן זיך יאָסל מיט די צוויי שוועסטערס, אין אָנמאַכט, צוגעשלעפּט פון שטוב צו דער געטאָ־מויער. אין דער פינצטערניש האָבן זיי דערטאַפּט אין דער מויער אַ לאָך, וואָס האָט געדינט פאַרן אָפּפלוס פון די רינשטאָק־וואַסערן. דורך דעם לאָך האָבן זיי זיך אַריבערבאַקומען אויף דער „אַרישער זייט”. יעדן מאָמענט האָט געקאָנט דורכגיין אַ דייטשער פּאַטרול; יעדע מינוט האָט מען זיי געקאָנט כאַפּן און דערהרגענען אויפן אָרט. די קינדער האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון דערפון, יעדע פאַר טריט האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען. זיי האָבן געשפּילט מיטן טויט, געקוקט אים גלייך אין די אויגן.

אַזוי האָבן זיי זיך דערשלעפּט ביז צום קערצעלאַק און צווישן דיביידלעך פון דאָרטיקן באַזאַר איינגעשלאָפן. אין דער פרי, ווען זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט, האָבן זיי דערזען שטיין נעבן זיך אַן עלטערע פרוי — זי האָט געבראַכט אַ ביסל הייסע קאַווע און אַ שטיקל ברויט. די קינדער האָבן קוים געקאָנט עפּעס אַראָפּשלינגען. פאַרבייגייער האָבן זיך מרחם געווען איבער זיי און געשאָנקען געלט מיט עסן. אין אָוונט האָבן אַלע דריי, באַלאָדענע מיט שטיקלעך ברויט, זיך אומגעקערט אין געטאָ.



יידישע קינדער אויף דער אַרישער זייט, פּאָט. 1942

צו מאָרגנס אין דער פרי זענען אַלע דריי ווידער אַרויס אויף אַן „עקסקורסיע״ הינטער דער מויער. דאָס מאָל זענען זיי געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, פון הויז צו הויז. אַ מאָל האָט מען זיי געגעבן אַ פּאָר גראָשן; אַנדערע האָבן זיי געשאָנקען שטיקלעך ברויט, אַ ביסל הייסע זופּ. ס׳זענען געווען אויך פֿאַלן, ווען מען האָט זיי גאָרנישט געגעבן, נאָר אַוועקגעטריבן פון דער שוועל און געשריגן: „אַוועק פון דאַנען, יידלאַקעס!״ די קינדער האָבן זיך אויך צו דעם צוגעוווינט. זיי זענען ווייטער געגאַנגען — אפשר וועלן אין אַנדערן הויז זייך בעסערע מענטשן. טאָגטעגלעך האָבן זיי אויסגעמאָסטן וואַרשע אין דער לענג און אין דער ברייט. אין דער זעלבער שעה זענען זיי אַדור־געגאַנגען די מאַרשאַלקאָווסקע; אין דער זעלבער צייט זענען זיי געזעסן ערגעץ אין אַ טויער און געגעסן אַ טייל פון אויסגעבעטלטן ברויט. שפּעטער האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן פון דאָס ניי. מיט יעדן טאָג איז דער פּחד קלענער געוואָרן. זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט אַנדערע יידישע קינדער, וואָס האָבן אויך אַריינגעשמוגלט שפּייז אין געטאָ. ווען דאָס גיין צוזאַמען אין דרייען איז געוואָרן געפערלעך, האָבן זיי, נאָכן אַרויסגיין פון געטאָ־מויער, זיך פונאַנדערגעטיילט. אין אָוונט האָבן זיי זיך ווידער באַגעגנט ביי דער מויער, ווו ס׳האָט שוין געוואַרט אויף זיי די עלטסטע שוועסטער.

איין מאָל, ווען יאָסל האָט זיך אומגעקערט אַהיים, איז ער ביי כלאָדנע־גאַס געוואָרן פאַרהאַלטן דורך אַ דייטשן זשאַנדאַר, וועל־כער האָט אים אַ זעץ־געטון מיט דער ביקס איבערן קאָפּ. פון דער וווּנד האָט אַ פּלייץ־געטון בלוט. ער איז אַן באַוווּסטזיין אַוועקגעפאַלן. ווען ער איז געקומען צו זיך, איז ער שוין געווען אין געטאָ. ער איז געלעגן אויף אַ יידישער ריקשע, וואָס האָט אים געפירט אין שפּיטאָל אריין. מ׳האָט אים באַנדאַזשירט דעם קאָפּ און אָפּגעפירט אהיים — אין שפּיטאָל איז נישט געווען קיין פּלאַץ.

יאָסלס שוועסטערס זענען ווייטער געגאַנגען אויף דער „אַרישער זייט״. איין מאָל זענען זיי אַריין אין אַ טויער אויף קרוטשע־גאַס

נומער 16, כדי דאָרט אָפּצועסן זייער „מיטאָג". פּלוצלונג איז אַרויס־געקומען די הויזוועכטערין, אַ פרוי פון אַ יאָר 60, אַן איינגעהויקערטע און צעשויבערטע, מיט אַ בעזעם און אַ בינטל שליסלען, וואָס האָבן זיך געבאַמבלט ביי דער זייט. זי האָט אויסגעזעען ווי אַ מכשפה. די מיידלעך האָבן זיך איבערגעשראָקן, געלאָזט אין טויער די בלעך מיט דער זופּ און אָנגעהויבן צו אַנטלויפן.

— האָט נישט קיין מורא, קינדער, איך וועל אייך קיין שלעכטס נישט טאָן, — האָט די אַלטע זיי באַכגעשריגן. — נעמט די בלעך און קומט אַריין אין שטוב, דאָרט וועט איר אָפּעסןביים טיש.

די שוועסטערס זענען אַריין צו דער הויזוועכטערין. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט: איבערן צימער זענען די ווענט געווען באַדעקט מיט שפּינוועבס, די צעלעכערטע פּאָדלאָגע איז געווען שוואַרץ פון שמוץ. איבערן צימער איז געווען אַן אַנטרעסאָלע, אַן אָנגעפּראָפּטע מיט גראַטעס. אונטערן קליינעם פענצטערל איז געשטאַנען אַ טישל צוגעדעקט מיט אַ פאַרהעלטנישמעסיק ריינעם טישטוך. אויפן טישל האָט זיך געפונען אַ פיגורל פון דער „מאַטקע באָסקע" און אַ וואַזאָן מיט פאַפּירענע בלומען. דערנעבן איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף ציגל, אַ שמוציקער טאַפּטשאַן, וואָס עמעצער פון די לאָקאַטאָרן האָט געהאַט אַרויסגעוואָרפן. צווישן די פאַרשידענע שמאַטעס אויפן טאַפּ־טשאַן האָבן זיך געשפּילט אַ 20 קרוליקעס, געהאָדעוועטע דורך דער הויזוועכטערינס משוגענער טאָכטער.

די מיידלעך האָבן זיך אַוועקגעזעצט צום טיש און אָפּגעגעסן. זיי האָבן געדאַנקט פאַר דער גאַסטפריינדלעכקייט און דערנאָך אַוועק אין שטאָט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אַראָפּ אַ גאָס רעגן. די מיידלעך זענען געוואָרן אַדורכגעווייקט און געטרייסלט זיך פון קעלט. זיי האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער שטאָט און אין ערגעץ נישט געקענט געפונען קיין שוצווינקל.

— מיר וועלן גיין צו דער „באַבטשע״ פון דער קרוטשע־גאַס — האָט די עלטערע זיך אָנגערופן.

זיי זענען דאָרט געזעסן ביזן אָוונט. ס׳האָט נישט אויפגעהערט צו רעגענען.

— וווּ וווינט איר ? — האָט די הויזוועכטערין געפרעגט ?

— מיר וווינען זייער ווייט, אַזש אויף דער פּעלצאָוויזנע, — האָבן די מיידלעך זיך אָנגערופן מיט ציטערנדיקע שטימעס.

— טאָ בלייבט זשע דאָ נעכטיקן. קריכט אַרויף אויף דער אַנטרעסאָלע און שלאָפט זיך דאָרט דורך.

די אַלטע האָט צוגעשטעלט אַ לייטער. זיי זענען אַרויף אויף דער אַנטרעסאָלע. און דער הויזוועכטערין האָבן זיי, גליקלעכע מיטן איבערנעכטיקן, געגעבן אַ פּאָר זלאָטעס. זי האָט פאַרחידושט באַטראַכט דאָס געלט און זיך אָנגערופן :

— אויב ס׳וועט רעגענען און איר וועט נישט האָבן וווּ אריינצוגייען — קומט אַריין צו מיר.

זייט דאַן, ווען זיי האָבן נישט געקאָנט זיך אַריינבאַקומען אין געטאָ, זענען זיי געגאַנגען צו דער „באַבטשע״ אויף קרוטשע־גאַס. ביז אַ געוויסן מיטוואָך — דעם 22־סטן יולי 1942, ווען ס׳איז אַרויס־געגעבן געוואָרן אַ טויט־אורטייל אויפן וואַרשעווער געטאָ. די פונאַנ־דערגעקלעפּטע פּלאַקאַטן האָבן געמאָלדן, אַז אַלע אַזוי גערופענע „נישט פּראָדוקטיווע יידן״ וועלן ווערן אַרויסגעשיקט אויף מזרח.

דעם ערשטן טאָג האָט מען צוגענומען די בעטלערס פון גאַס. דאַן איז געקומען די ריי אויף די פּליטים, וועלכע האָבן געוווינט אין ספּעציעלע פּונקטן, ווי אויך די קינדער פון אינטערנאַטן און יתומים־הייזער. אין די ערשטע טראַנספּאָרטן האָבן זיך געפונען אַ סך פון די קליינע שמוגלערס, וועלכע מען האָט פאַרכאַפּט נעבן די מויערן.

טויזנטער יידן זענען טאָג־טעגלעך געטריבן געוואָרן צום „אומשלאַג־פּלאַץ" * און פון דאָרט — קיין טרעבלינקע.

איינע פון יאָסלס שוועסטערס, די 12־יאָריקע באַשע, האָט דעמאָלט זיך געפונען אויף דער „אַרישער זייט". אין עטלעכע טעג אַרום איז אויך יאָסלען געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען פון געטאָ. יעדן פאַר נאַכט, ווען ס'איז געמאַכט געוואָרן אַן איבעררייס אין די בלאָקאַדעס, האָט זיך יאָסל דערנענטערט צו די דראָטן אויף זשעלאַזנע־גאַס און פאַרזיכטיק אַריבערגעוואָרפן ברויט פאַר די שוועסטערס אין געטאָ. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט אַרויסקריגן פון דאָרט און געמוזט זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס, אויף די בוידעמס — כסדר אַנטלויפן פון די פּאָליציאַנטן. צום סוף זענען זיי מיד געוואָרן און באַשלאָסן אַליין זיך צוצושטעלן צו די וואַגאָנעס אויפן „אומשלאַגפּלאַץ". אַ סך מענטשן, וואָס האָבן נישט געקאָנט מער פאַרטראָגן דעם הונגער, האָבן לכתחילה אַליין זיך געמאָלדן צום „אַרויספאָרן". זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז דאָס באַדייט: — אומקום. (די, וואָס האָבן זיך פרייוויליק צוגעשטעלט, האָט מען מיטגעגעבן אויפן וועג 3 ברייטלעך און אַ פּעקל מאַרמעלאַדע).

אַזוי אַרום זענען יאָסל און באַשע געבליבן אַליין אויף דער „אַרישער זייט". זיי האָבן גאַנצע טעג זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער שטאָט. גוטע מענטשן האָבן זיי געגעבן אָפּצועסן, אַ מאָל אויך — אַ פּאָר גראָשן. צום ערגסטן איז געווען מיטן שלאָפן. זיי האָבן גענעכטיקט אין פאַרשידענע חורבות, אויף ביידעמער. אויף איין און דעם זעלבן אָרט האָט מען נישט געטאָרט צו אָפּט נעכטיקן — עמע־

---

* Umschlagplatz — „דער איבערלאָדונגס־פּונקט". אין וואַרשעווער געטאָ איז עס לכתחילה געווען אַן אָרט ווו מען האָט צוגעשטעלט שפּייז פון דרויסן און פון וואַנען מען האָט אַרויסגעשיקט די יידישע אויסאַרבעטונגען. אין דער צייט פון אַן „אַקציע" האָט מען דאָרט אַרויפגעלאָדעוועט די יידן אין וואַגאָנעס קיין טרעבלינקע.

צער האָט געקאָנט באַמערקן און צו וויסן טאָן דער פּאָליציי. צו דער „באַבטשע" אויף קרוטשע־גאַס זענען זיי געקומען יעדע פּאָר טעג. יאָסל האָט, פון דער פּראַקטיקער פייכטקייט און קעלט, אויף די ביידעמס און קעלערס, באַקומען אַן אַנטצינדונג פון די געלענקען, ער האָט אָנגעהויבן צו לאָמען. אַנדערע קליינע שלעפּערס האָבן אים דערפאַר גערופן „קולאַס".

איין מאָל האָבן באַשע און קולאַס געטראָפן אין גאַס אַ יידיש יינגל. זיי האָבן אים געקענט פון געטאָ פון דער שמוגל־צייט. דאָס איז געווען דער 13־יאָריקער יאָסל — „קינאַל". די קינדער האָבן זיך באַגריסט מיט געמישטע געפילן: פון איין זייט האָבן זיי זיך געשראָקן פאַר אַ פאַרגרעסערטער סכנה פון דעקאָנספּיראַציע. דאָס געפיל פון איינזאַמקייט איז אָבער געווען שטאַרקער פון דער שרעק. זיי האָבן אָנגעהויבן צו פירן אַ שמועס, דערציילט זיך וועגן די איבער־לעבונגען, וועגן דעם טויט פון די נאָענטע (די עלטערן פון יאָסל־קינאַל און צוויי אַנדערע פון זיין משפחה זענען געשטאָרבן פון הונגער).

זייענדיק הונגעריק האָבן זיי צוזאַמען באַשלאָסן „אויסצוקאָמ־בינירן" עפּעס צו עסן. זיי זענען אַוועק צום הינטערשטן איינגאַנג פון רעסטאָראַן אויף ווידאָק־גאַס נומער 18. די קעכין האָט זיי אַרויס־געגעבן בלעכלעך מיט הייסער זופּ. די קינדער זענען דערמיט גע־גאַנגען אויף אַ בוידעם פונעם הויז ווידאָק־גאַס נומער 7. זייער רו איז אָבער פּלוצלונג געשטערט געוואָרן דורכן אָפּקלאַנג פון טריט אויף די שטיגן.

# 5

## ביי דער פרוי קאַלאָטאַ

— וואָס טוט איר דאָ? — האָט זיך געפרעגט אַן אָקאָרשט אָנגעקומענע פרוי. זי האָט, ווייזט אויס, דערהערט זייער שמועס. ס'איז געוואָרן טויט־שטיל. די פרוי האָט געפּאָרשט אַ רגע די קינדער מיט אירע בליקן:

— קומט אַרייַן צו מיר, וועט איר אָפּעסן ביים טיש, — האָט זי צום סוף געזאָגט.

קינאָל האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד. נאָך אים האָבן זיך פּאַמעלעך, פאָרזיכטיק אויפגעהויבן אויך די איבעריקע קינדער. די פרוי האָט געוווינט אין אַ פּאַציאַטע, דאָס קליינע צימערל האָט גע־בלאַנקט פון ריינקייט. אויפן פענצטער־פּאָראָפּעט זענען געשטאַנען בלומענטעפּ, דער טיש איז געווען געדעקט מיט אַ ריינעם טישטוך. אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ יעזוס־בילד, באַלויכטן מיט אַ קליינעם נר־תמיד.

פאָרזיכטיק, פול מיט שרעק און חשד, זענען די קינדער אַרייַנ־געגאַנגען אין צימער. די באַלעבאָסטע האָט אָנגעגאָסן אין די טעפּלעך תבואה־קאַווע און אַוועקגעלייגט אויף אַ טעלער עטלעכע שטיקלעך ברויט.

— איר זענט יידעלעך, אמת? — האָט זי געפרעגט.

די קינדער האָבן שווייגנדיק געשאָקלט אויף „ניין".

— שרעקט זיך נישט, איך וועל אייך קיין שלעכטס נישט טאָן. פאַר דער מלחמה האָב איך געהאַט אַ סך יידישע באַקאַנטע, זייער פיינע מענטשן. מסתמא לעבן זיי שוין נישט, — האָט זי צוגעגעבן.

די קינדער האָבן אויסגעהערט די ווערטער מיט אומצוטרוי, וואָס האָט געגרענעצט מיט שרעק. אָבער די פרוי האָט אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן איר אייגענער איינזאַמקייט און צוביסלעך האָט דאָס אייז אויפגעטייעט.

— איך זע, אַז איר זענט פיינע יידעלעך. אויב איר האָט נישט ווו צו נעכטיקן, קענט איר דאָ בלייבן שלאָפן — האָט די באַלעבאָסטע געזאָגט.

זיי האָבן זיך דערפרייט מיט איר פאָרשלאָג. די באַלעבאָסטע האָט אָנגעוואַרעמט וואַסער; שוין לאַנג האָבן זיי זיך נישט געוואַשן מיט הייס וואַסער. זי האָט זיי געגרייט אויף דער פּאָדלאָגע אַ באַ־קוועם געלעגער — באַקוועמער אפשר פון די געלעגערס, אויף וועלכע זיי זענען לעצטנס געשלאָפן אין דער היים. מידע פון אַ גאַנצן טאָג אַרומשלעפּן זיך, זענען זיי תיכף איינגעשלאָפן.

באַגינען האָבן זיך די קינדער אַליין אויפגעכאַפּט. אויפן טיש זענען געשטאַנען טעפּלעך קאַווע, אָנגעצוקערטע מיטן אמתן צוקער און ברויט אויפן טעלער. די קינדער האָבן אַלץ גיריק אויפגעגעסן.

— איך קאָן בלייבן היטן די דירה, — האָט זיך אָנגערופן באַשע, וועלכע האָט מורא געהאַט צו זיין אין דרויסן.

די פרוי האָט איינגעשטימט. די יינגלעך האָבן געדאַנקט פאַר איר גאַסטפריינדלעכקייט און זענען פלינק אַראָפּגעלאָפן פון די שטיגן. זי האָט זיי נאָכגעשריגן:

— קומט ווען ס'וועט ווערן טונקל, ס'זאָל אייך אָבער קיינער נישט באַמערקן!

אין טויער האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט ביי דער לאָקאַטאָרן־ליסטע. קינאָל האָט מיט זיין פינגער געזוכט צווישן די נעמען.

— פאַראַן, — האָט ער אַ שעפּטש געטאָן — אַ פּאַציאַטע, זאָפיאַ קאַלאָטאַ, אַלמנה, אַרבעט אין אַ דייטשער קיך.

די יינגלעך האָבן זיך איבערגעקוקט.

און אפשר וויל זי אונדז אויסגעבן? —האָט קולאָס געפרעגט.

— שוטה... זי וואָלט עס דאָך געקאָנט טון אויפן אָרט, — האָט קינאָל געענטפערט מיט זיכערקייט.

— און אפשר... — האָט ווידער קולאָס אָנגעהויבן.

— וואָס האָסטו מורא? — האָט אים קינאָל איבערגעריסן. — צוויי מאָל שטאַרבט מען נישט...

קולאָס איז רויט געוואָרן און אַ פאַרשעמטער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

פאַר נאַכט האָט פרוי קאַלאָטאַ זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט מיט אַ גרויס בלעכל זופּ. אויף מאַרשאַלקאָווסקע, נישט ווייט פון ווילטשע־גאַס, האָט זי דערזען זיצן נעבן אַ מויער אַ קליין בעטלער־ייִנגל.

— ביסט אַוודאי הונגעריק?

דער קליינער האָט נישט געענטפערט, ער האָט בלויז אַ דער־שראָקענער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זי האָט נישט געצווייפלט אַז דאָס איז אַ ייִדיש קינד.

— קום, וועסטו עסן עפּעס וואַרעמס, — האָט זי געזאָגט און אים אָנגענומען ביי דער האַנט. אין שטוב, האָט באַשיע זי מיט פרייד באַגריסט. דער קליינער איז געוואָרן בלייך פון שרעק און געוואָלט אַנטלויפן.

— האָב נישט קיין מורא, זי איז אַזאַ ווי דו, — האָט די פרוי אים באַרויקט.

ער איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך פון שטאַרקן איינדרוק וואָס אירע ווערטער האָבן געמאַכט אויף אים.

— האָב נישט קיין מורא, — האָט דאָס מיידל איבערגעחזרט דער באַלעבאָסטעס ווערטער.

אין אַ קורצער צייט אַרום זענען אָנגעקומען די ייִנגלעך. זיי זענען צוגעשטאַנען צום קליינעם. קינאָל האָט אויסגעשטרעקט די האַנט אים צו באַגריסן:

— געדענקסט, ווי מיר זענען צוזאַמען אַרויס דורך דער מויער ?... ווי הייסטו ?

דער קליינער האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט. ער האָט אָבער אַ שמייכל געטאָן. ווייזט אויס, אַז זיין שרעק איז צערונען.

— איך בין באָלוש, — האָט ער געזאָגט לסוף.

— לאָזט אים צו רו, זאָל ער עסן עפּעס וואַרעמס. קומט צום טיש! — די באַלעבאָסטע האָט פונאַנדערגעגאָסן די זופּ אין די טעלערס.

נאָכן אָונטברויט האָבן די קינדער זיך געלייגט, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט איינשלאָפן. זיי האָבן אויסגעפרעגט באָלושן וועגן געטאָ.

— פון דיינע איז דאָרט קיינער נישט געבליבן ? — האָט אים קיבאָל געפרעגט.

— ניין, די מאַמע, דער טאַטע און אַ שוועסטער זענען געשטאָרבן נאָך פאַר דער אַקציע. איך בין געבליבן מיט דריי עלטערע שוועס־טערס. ווען די אַקציע איז אויסגעבראָכן, האָבן מיר פאַרשטעלט די טיר, אָבער די פּאָליציאַנטן האָבן זי אויפגעבראָכן און אַרויסגע־שלעפּט אונדז אויפן הויף. דאָרט זענען שוין געווען אַ סך מענטשן. אַלע האָבן געוויזן פּאַפּירן. מיר האָבן נישט געהאַט קיין פּאַפּירן, האָט מען אונדז אַריינגעשטופּט צווישן די מאַסן־מענטשן אין גאַס. מיר זענען געגאַנגען דורך זאַמענהאָף־גאַס. די שוועסטערס האָבן מיך אָנגעהויבן צו שטופּן איך זאָל אַנטלויפן, אָבער איך האָב נישט גע־וואָלט. ביי קופּיעצקע־גאַס האָבן די שוועסטערס מיך אַרויסגעשטופּט פון דער ריי. אַלעמען האָט מען געיאָגט ווייטער, איך בין געבליבן אַליין. בין איך אַוועק אין שפּיטאָל אויף זשעלאַזנע־גאַס, דאָרט האָט געאַרבעט מיין עלטסטע שוועסטער. איך בין אָפּגעזעסן צוויי שעה אין אַ קוילן־קאַסטן. דורך אַ שפּאַרע פון קאַסטן האָב איך געזען ווי די אָנגעקומענע אוקראַינישע פּאָליציאַנטן האָבן אַרויסגעשלעפּט די קראַנקע פון די בעטן און זיי דערשאָסן. איך האָב עס נישט געקאָנט צוקוקן און כ׳בין אַנטלאָפן. ביים ראָג קראָכמאַלנע־גאַס האָב איך

זיך באַהאַלטן צווישן פעסלעך. וואָס ווייטער איז געווען, ווייס איך נישט, כ'בין איינגעשלאָפן. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין דער פרי, איז קיינער נישט געווען אין גאַס, בלויז אַ סך צעבראָכענע שטוב־זאַכן און פליענדיקע פעדערן. ווען דער „שאַוליס",* וועלכער האָט געהיטן די געטאָ־דראָטן, האָט זיך אויסגעדרייט, בין איך אַריינגע־שפּרונגען צווישן די דראָטן און אַנטלאָפן פון געטאָ.

— אָבער איך וויל פאָרן צו די שוועסטערס. דאָרט ווו זיי זענען געפאָרן, אויף יענער זייט בוג, — האָט ער צוגעגעבן נאָך אַ רגע טראַכטן.

— דו וועסט זיי סיי ווי נישט געפינען, בלייב בעסער מיט אונדז, האָבן אים די אַנדערע קינדער געפּרוווט איבערצייגן.

אַזוי האָבן זיי גערעדט ביז שפּעט אין דער נאַכט. אין דער פרי האָט זיך פרוי קאַלאָטאַ אויפגעהויבן ווען די קינדער זענען נאָך געווען פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. זי האָט זיי אויפגעוועקט:

— איך גיי צו דער אַרבעט. נאָך מיטאָג וועל איך צוריקקומען. איר בלייבט דאָ, נאָר זייט שטיל, אַז קיינער זאָל נישט הערן. אויב מען וועט קלאַפּן, זאָלט איר נישט ענטפערן.

די קינדער האָבן געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זי האָט ממשיך געווען:

— אויפן טיש האָט איר עסן, אויב ס'וועט זיין ווייניק, איז אין שענקל פאַראַן נאָך ברויט.

— אָבער מיר ווילן גיין צוריק אין געטאָ— האָט באַשע זיך אָנגערופן.

— דערווייל מוזט איר נאָך בלייבן ביי מיר. אַז מ'וועט קאָנען, וועט איר דאַן גיין.

די פרוי קאַלאָטאַ האָט פון דרויסן פאַרשלאָסן די טיר אויף אַ שלאָס. דעם גאַנצן טאָג זענען די קינדער געזעסן אין אַ ווינקל און

---

* ליטווישע פּאָליציי אין דייטשן דינסט.

גערעדט צווישן זיך שעפּטשענדיק. באַלוש איז פון צייט צו צייט צוגעגאַנגען צום פענצטער און פאַרזיכטיק, אַז מ׳זאָל נישט באַמערקן פון קעגנאיבער, אַרויסגעקוקט אין גאַס.

פיר נאָך מיטאָג האָט זיך באַוויזן די פרוי קאַלאָטאַ. זי האָט געהאַלטן אין האַנט אַ בלעכל מיט זופּ.

איין מאָל האָט פרוי קאַלאָטאַ געבעטן באַשיען זי זאָל איר העלפן ביים איינקויפן. זיי זענען אַוועק אין באַזאַר. באַשיע האָט געטראָגן די איינגעקויפטע פּראָדוקטן. פּלוצלונג האָט זי באַמערקט אין המון אירס אַ חברטע פון געטאָ, מיט וועלכער זי פלעגט אָפט אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט.

— טערעזע! — האָט זי אַ געשריי געטאָן.

זיי האָבן זיך געוואָלט צעקושן, אָבער זיך באַהערשט, און בלויז זיך דערנענטערט צו זיך.

טערעזע איז דעמאָלט אַלט געווען פערצן יאָר, בלייך, די אויגן איינגעפאַלן. זי האָט געטראָגן אַ מענערישע מאַרינאַרקע און אַ געלאַטעטע ספּודניצע. פאַרשנדיק האָט זי באַקוקט באַשיען, דערנאָך — דאָס קיישל מיט די פּראָדוקטן.

— וואָס טוסטו? איך זע, אַז דו האָסט עפּעס אַ „מעלינע״...

נעם מיך צו זיך, האָט זי זיך געבעטן.

באַשע האָט אַ קוק געטאָן אויף פרוי קאַלאָטאַ, וועלכע איז געשטאַנען ביים סטראַגאַן, ווי זי וואָלט וועלן געבן צו פאַרשטיין טערעזען, אַז דאָס איז נישט אָפּהענגיק פון איר.

די פרוי קאַלאָטאַ איז צוגעקומען און געוואָרפן אַ בליק פון חשד אויף באַשיעס חברטע. טערעזעס אויגן האָבן איר געענטפערט מיט אַ הייס געבעט: — כ׳וועל אַלץ טאָן וואָס איר וועט מיך נאָר הייסן. איך האָב נישט ווו צו נעכטיקן, — האָט טערעזע געזאָגט מיט אַ האַלב־וויינענדיקער שטים.

אַ וויילע זענען אַלע געשטאַנען און געשוויגן. צום סוף האָט פרוי קאַלאָטאַ געזאָגט צו טערעזען:

— נעם דאָס פּעקל.

אין אַ פערטל שעה אַרום זענען זיי אַלע דריי שוין געווען אין שטוב.

— עי, ווו זענט איר ? — האָט פרוי קאַלאָטאַ אַ רוף געטאָן פון דער שוועל.

דריי קינדער האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער דער שאַפע.

— איר שפּילט זיך אין באַהעלטערלעך ? — האָט געפרעגט די באַומרויקטע באַלעבאָסטע.

— ניין. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז אַ פרעמדער, — האָט קולאָס אויפגעקלערט.

— מאָרגן וועט שוין מסתמא זיין רויק אויף יענער זייט, וועט איר קאָנען צוריקגיין. — האָט געזאָגט די באַלעבאָסטע.

דערווייל איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג און די גירוש־אַקציע אין געטאָ האָט אַלץ געדויערט, זי איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן. פרוי קאַלאָטאַ פלעגט ברענגען פון שטאָט טרויעריקע ידיעות. די קינדער האָבן זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויפן סוף פון דער „אַקציע" און אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אין שטאָט. זיי האָבן געבעטלט עסן. די פרוי קאַלאָטאַ איז געווען אָרעם און נישט געווען בכוח פולשטענדיק זיי אויסצוהאַלטן. גאַנץ פרי פלעגן זיי אַרויסגיין פון שטוב, יעדער איינער באַזונדער, כדי נישט צו וועקן קיין חשד ביים הויזוועכטער. ווען זיי פלעגן זיך צופעליק טרעפן אין גאַס, האָבן זיי געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי זיי וואָלטן זיך נישט געקענט. צייטנווייז האָט מען בלויז אונטערגעוונקען צו זיך.

# 6

## אונטער דער שוץ פון די „פּלאַצוווקע"־אַרבעטער

איינער פון די אויגוסט־טעג 1942. דער רעגן האָט געגאָסן ווי פון צעבערס, קינאַל האָט גייענדיק איבער דער כמיעלנע־גאַס באַמערקט אַ גרופּע יידן, געפירטע דורך דייטשן. זיי זענען געגאַנגען איינגעבויגן, פון די צעריסענע מאַנטלען איז געראונען דאָס וואַסער. דער דייטש, וואָס איז געגאַנגען פון הינטן, האָט זיי כסדר אונטערגעיאָגט.

וואָס קאָן דאָס זיין פאַר אַ גרופּע? — האָט קינאַל געטראַכט. ער האָט זיי גענומען נאָכגיין, געזען ווי זיי זענען אַריין אין טויער פון דער דייטשער פירמע „אַמניום", אויף כמיעלנע־גאַס, נומער 67. דאָרט זענען געווען האָלץ־סקלאַדעס. אויף דער גאַס, ביים אַריינגאַנג, האָבן זיך געדרייט עטלעכע פּוילישע מענער און פרויען, וואָס זענען אַהערגעקומען מאַכן געשעפטן מיט יידן. אָפּגעקויפט „לאַכעס"* ביי זיי פאַר גראָשנס, אָדער אויסגעטוישט אויף שפּייז.

פאַרשטענדיקט האָט מען זיך פון דער ווייטנס מיט דער הילף פון סימנים. יעדע מין באַוועגונג האָט באַצייכנט אַ געוויסע טייל פון גאַרדעראָב, אָדער אַ באַשטימטן פּרייז. נאָכן דורכקומען, האָבן די יידן אַריבערגעוואָרפן איבערן פּלויט פאַרשידענע זאַכן. אַ מאָל האָט זיך אויך עמעצן איינגעגעבן אַרויסצובאַקומען זיך אויף דער גאַס דורך אַ לאָך אין פּלויט; אַ צווייטער האָט איבערגעקויפט דעם וועכטער און אַרויס צו די אויפקויפער.

---

* געבליבענע זאַכן אין געטאָ נאָכן פאַרטרייבן די יידן.

קינאָל האָט זיך צוגעקוקט צו דעם אַלעם, דערנאָך איז ער צו־געגאַנגען צום פּלויט און דורך אַ שפּאַרע אָבסערווירט דאָס אָרט. אויף אַ גרויסן פּלאַץ זענען געלעגן שטויסן בעלקעס און ברעטער. עטלעכע צענדליק יידן האָבן לויפנדיק איבערגעטראָגן ברעטער צו די לאַסט־וואַגאָנעס, וואָס זענען געשטאַנען אויף אַ זייטיקער ליניע. דער דייטשער וועכטער איז געשטאַנען אין מיטן פּלאַץ, געפּאַכעט מיט דער בייטש און געשריגן אָן אויפהער:

— פאַרפלוכטע יודען, שנעלער! לאָס!

אין אָוונט האָט קינאָל דערציילט וועגן דעם די אַנדערע קינדער. אין דער פרי זענען אַלע, אויסער באַשען, אַוועק אויף כמיעלנע גאַס. ביים איינגאַנג צו דער „פּלאַצוווקע" האָבן זיך ווידער געדרייט די פוילישע הענדלער. אַ יידישער אַרבעטער האָט זיך אַרויסבאַקומען אין גאַס און באַלד האָבן אים די הענדלער אַרומגערינגלט:

— וואָס האָסטו, וויזז. וויפל ווילסטו דערפאַר?

ווען די קינדער האָבן דערזען דעם ייד, האָבן זיי געוואָלט זיך צוקריגן צו אים, דערוויסן זיך עפּעס וועגן געטאָ. די הענדלער, וואָס זענען געווען פאַרנומען מיט באַקוקן די זאַכן און מיט דינגען זיך, האָבן זיי נישט צוגעלאָזט. באַלוש האָט זיך געפּרוווט אַדורכגליטשן צווישן די פיס.

— אַנטשולדיקט מיר, אַנטשולדיקט...

נישט ווילנדיק האָט ער אָנגעטראָפן אויף איינעמס פוס. יענער האָט אַ קאָפּ געטאָן דאָס ייִנגל און ווילד געשריגן:

— ווו קריכסטו, פאַרשאָלטענער יידלאַק?

אַ פאַרוויינטער איז באַלוש צוריקגעקומען צו זיינע חברים. זיי האָבן זיך דאָרט אַרומגעדרייט אַ שעה צייט. פּלוצלונג איז פון דער „פּלאַצוווקע" אַרויס צו זיי אַן אַרבעטער, — נישט אַ סך עלטער פון זיי. ווען ער האָט דערזען די אָפּגעריסענע קינדער, האָט ער תיכף פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען יידישע.

— וואָס דרייט איר זיך דאָ? פון וואַנען זענט איר?

— מיר זענען אַנטלאָפן פון געטאָ. אַלע אונדזעריקע האָט מען צוגענומען. מיר נעכטיקן ביי אַ פּוילישער פרוי, האָט טערעזע אַרויס־געזעדט אין איין אָטעם.

— טאָ קומט אַריין אינעווייניק, — האָט דער בחור פאַרגעשלאָגן.

די קינדער האָבן מורא געהאַט פאַר די דייטשן, אָבער דער נייער חבר האָט זיי באַרויקט. ער האָט זיי אַריינגעפירט אויפן פּלאַץ דורכן לאָך פון פּלויט. אַרבעטער האָבן אַרומגערינגלט די קינדער און באַקוקט זיי פון אַלע זייטן — אפשר באַקאַנטע. זיי האָבן זיך אויסגעפרעגט פון וואַנען, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַרויסגעקריגן פון געטאָ, צי זיי זענען נישט הונגעריק?

די קינדער ווידער האָבן זיי אויסגעפרעגט וועגן געטאָ.

פּלוצלונג האָט עמעצער אַ געשריי געטאָן: „זעקס"*! די אַרבעטער זענען זיך צעלאָפן. דער יונגער אַרבעטער האָט אָנגעוויזן אויף אַ קופּע ברעטער:

— באַהאַלט זיך דאָרט, באַלד וועל איך קומען!

ער האָט געכאַפּט צוויי ברעטער און פאַר די אויגן פון אָנקו־מענדיקן דייטש זיי אַוועקגעטראָגן צום וואַגאָן.

די קינדער זענען דערווייל געזעסן איינגעקורטשעטע צווישן געהילץ און געטרייסלט זיך פון שרעק.

— האָב נישט קיין מורא, באַלוש, דער „ביטשעק" וועט אונדז היטן, — האָט קולאַס געזאָגט.

געמיינט האָט ער דעם נייעם באַשיצער זייערן, וועלכער איז אייגנטלעך נישט געווען אַזוי פעט, אַז ער זאָל פאַרדינען אויף אַזאַ צונאָמען. אָבער אין פאַרגלייך מיט זיי אַלע האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ דיקן. דער דאָזיקער צונאָמען האָט זיך באַלד צוגע־קלעפּט צום ייִנגל.

ווען דער דייטש איז אַוועק, איז ביטשעק צוגעקומען צו די

---

* אַ סיגנאַל וועגן אַ סכנה.

קינדער און זיי דערלאַנגט 150 זלאָטעס, וואָס די אַרבעטער האָבן צונויפגעזאַמלט.

— קומט מאָרגן מיטאָגצייט, די דייטשן וועלן נישט זיין, וועט איר קריגן זופּ, — האָט ער שטיל געזאָגט.

די קינדער האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון פּלאַץ גליקלעכע, וואָס זיי האָבן באַגעגנט יידן און געפונען אַ שוץ.

אין אָוונט זענען זיי געקומען אין פּאַציאַטע־שטיבל, באַלאָדענע מיט קאַרטאָפל און ברויט, מיט אַ היפּשער סומע געלט אין קעשענע. ביים אָוונטברויט האָבן זיי דערציילט דער באַלעבאָסטע וועגן די באַגעגנטע יידישע אַרבעטער, וועגן ביטשעקן און וועגן ווי אַזוי מען האָט זיך מיט זיי דאָרט פּאַראינטערעסירט. טערעזע האָט אַוועקגעלייגט די 150 זלאָטעס אויפן טיש.

ווען די קינדער האָבן צווישן זיך שטיל געשעפּטשעט, האָט פּלוצלינג עמעצער אָנגעקלאַפּט. אַלע זענען פאַרשטומט געוואָרן. די פּרוי קאָלאָטע האָט נישט געענטפערט, ווי זי וואָלט נישט געווען אין דער היים. דער אומבאַקאַנטער האָט נאָך אַ מאָל אָנגעקלאַפּט און איז אַוועק. דאָס האָט אַ ביסל קאַליע געמאַכט די שטימונג, פון דעסטוועגן איז אין זכרון פון די קינדער דער טאָג פאַרצייכנט געוואָרן אַלס אַ „גוטער".

צו מאָרגנס אין דער פרי זענען ווידער אַלע אַוועק אין שטאָט, יעדער אין אַן אַנדער ריכטונג. מיטאָגצייט האָבן זיי זיך געטראָפן אויף כמיעלנע־גאַס, ביים איינגאַנג צו דער „פּלאַצוווקע". 12 אַ זייגער האָט זיך דערהערט דאָס גלעקל. די דייטשן זענען אַוועק אין קאַנטינע. די יידן האָבן זיך, מיט די מענאַשקעס אין די הענט, געשטעלט אין דער ריי צו דער קיך. ביטשעק האָט אַרויסגעקוקט פון טויער און באַמערקנדיק די קינדער, האָט ער זיי אַריינגעפירט.

זיי האָבן גיריק געשלונגען דאָס ביסל הייסע געקעכטס. נאָכן עסן האָבן די אַרבעטער געבראַכט זיי פאַרשידענע זאַכן: איינער האָט די קינדער געגעבן אַ העמד, אַ צווייטער — עפּעס אַ מאַרינאַרקע,

אָדער אַ סוועטער; נאָך איינער האָט געבראַכט אַ ביסל ברויט. די קינדער האָבן זיך אַרומגעדרייט פראַנק און פריי איבערן פּלאַץ, אָבער ביים אָנקומען פון די דייטשן זענען זיי אַנטלאָפן.

אַזוי זענען זיי געקומען יעדן טאָג אויף דער „פּלאַצוווקע". זיי פלעגן אַרומגיין דאָרט ווי צווישן אייגענע ברידער, אָדער עלטערן. ביטשעקן האָבן זיי באַטראַכט פאַר זייער אַפּוטרופּוס. דאָס עסן, געלט און זאַכן, וואָס זיי פלעגן באַקומען, האָבן זיי אַוועקגעטראָגן צו פרוי קאָלאָטאַ.

איין מאָל זענען טערעזע און קולאַס פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ פּוילישן פּאָליציאַנט אויף כמיעלנע־גאַס. טערעזען האָט זיך איינ־געגעבן צו אַנטלויפן, קולאַסן דאַקעגן האָט דער פּאָליציאַנט געכאַפּט פאַרן קאָלנער און אָנגעהויבן פירן צום פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. דאָס יינגל האָט געוויינט, געבעטן זיך ביים פּאָליציאַנט ער זאָל אים אָפּ־לאָזן, ער האָט גאָרנישט געפּועלט. דאָס האַרץ איז אים אָפּגעשטאָרבן פון שרעק.

טערעזע איז אָבער שנעל אַוועק צו די יידישע אַרבעטער און זיי דערציילט וועגן אומגליק. די אַרבעטער זענען געוועזן הילפלאָז. פּלוצלונג איז איינעם איינגעפאַלן אַ געדאַנק. צוויי יידן זענען אַוועק אין ביוראָ. איינער פון זיי האָט אומבאַמערקט אַוועקגעלייגט אויף דער ביורקע אַ גאָלדן רינגל. דער דייטש, וואָלף, האָט זיך געוואָרפן און נישט געוואָלט העלפן.

דערווייל האָט זיך פאַרן ביוראָ צונויפגעקליבן אַ גרופּע אַר־בעטער און זיך דענערווירט:

— שנעלער, עס ווערט שפּעט!

מ'האָט אונטערגערוקט וואָלפן נאָך אַ ווערטפולן חפץ. דער דייטש איז ווייכער געוואָרן; ער האָט אַריינגערוקט אין קעשענע די חפצים און אַרויס אין גאַס מיט איינעם פון די אַרבעטער.

טערעזע איז געגאַנגען פון פאָרנט אויף דער קעגנאיבערדיקער זייט גאַס און געוויזן דעם וועג. דער פּאָליציאַנט האָט נאָך אַלץ גע־

שלעפּט דעם צאַפּלענדיקן זיך קולאַסביים קאָלנער. אַריינגייענדיק אין דער זעשלאַזנע, האָט זיי דאָרט דעריאָגט דער דייטש.

— וואָס איסט דען לאָס ? — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

— דאַס איסט איין יודע, — האָט דער פּאָליציאַנט געמאָלדן.

— גוט, ער גייט מיט מיר, — האָט דער דייטש געענטפערט.

ער האָט אָנגענומען קולאַסן פאַר דער האַנט און געפירט אים צוריק. דאָס יינגל האָט נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט געוואָלט זיך אַרויסרייסן, זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן. טערעזע, וואָס איז געגאַנגען דערנעבן, האָט אים געגעבן צייכנס מיט די הענט. דער יידי־שער אַרבעטער, וואָס איז געגאַנגען הינטערן דייטש, האָט אים באַרויקט. ווען זיי זענען צוגעקומען צו דער פּלאַצווקע, האָט דער דייטש באַפרייט דאָס יינגל, דראָענדיק אים, אַז ער וועט אים דערהרגענען אויב ער וועט אים פּאַקן נאָך אַ מאָל.

אָנהייב סעפּטעמבער 1942 האָבן די דייטשן דורכגעפירט אין געטאָ אַ פּולקאָמען גירוש. זיי האָבן געשאַפן אַ „קעסל" צווישן די גאַסן לובעצקי, גענשע, זאַמענהאָף, מילע, סטאַווקע און פּלאַץ פּאַ־ריסאָווסקי, ווו אַלע געבליבענע יידן האָבן זיך געדאַרפט מעלדן אויף אַן אַזוי גערופענער „סעלעקציע". פאַר אַרבעטנדיקע זענען דעמאָלט געוואָרן אָנערקענט בלויז אַזעלכע, וואָס זענען געווען באַ־שעפטיקט אין אומגעוויינלעך וויכטיקע פאַר די דייטשן אַרבעטס־פּלע־צער, ווי: געסטאַפּאָ, עס־עס, אָסטבאַן און אין די געטאָ־„שאָפּן". אָבער אויך פון דער קאַטעגאָריע מענטשן האָט מען צוגענומען אַ טייל און אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע.

אייניקע טעג נאָך דער „סעלעקציע" האָט זיך טערעזע גענומען בעטן ביי די יידישע אַרבעטער זיי זאָלן זי מיטנעמען אין געטאָ. „אפשר איז עמעצער געבליבן פון מיין משפחה", — האָט זי געטענהט.

— מ׳טאָר נישט, ס׳איז געפערלעך, ביים טויער מאַכט מען אַ שטרענגע קאָנטראָל, — האָט ביטשעק געענטפערט. דאָס מיידל איז נישט אָפּגעטראָטן.

נאָכן איינקויפן פּראָדוקטן ביי די פּאָליאַקן, איז די גרופּע אַוועק אין געטאָ. צווישן זיי איז געווען טערעזע. זיי זענען דערגאַנגען ביז צו דער „וואַך", ווו ס'האָבן שוין געוואַרט הונדערטער יידן. אין געטאָ האָט מען געמעגט אַריינברענגען בלויז זופּ און אַ לעבל ברויט. צייטנ־ווייז האָט מען דערלויבט אויך אַ ביסל קאַרטאָפל. עס זענען געווען אָבער זשאַנדאַרן, וואָס האָבן גאָרנישט דערלויבט אַריינצופירן און אַרויסגעוואָרפן אַלע פּראָדוקטן אויף דער ערד. די פּוילישע און יידישע פּאָליציאַנטן האָבן זיי צוגעהאָלפן דערין. בכדי אַריבערצו־שמוגלען מער נאַרהאַפטע פּראָדוקטן, ווי פּוטער, חזיר־פלייש, פּעטס אַאַז"וו, האָט מען באַדאַרפט זיין גוט פלינק און פאַרמאָגן נישט ווייניק איינפאַלערישקייט. אַ סך זענען דערביי געוואָרן זעלטענע ספּעציאַ־ליסטן. אָבער אַחוץ אַלעם האָט מען אויך געדאַרפט האָבן אַביסל „מזל". אין דעם האָבן סיי די יידישע, סיי די פּוילישע שמוגלערס געגלייבט מער, ווי אין עפּעס אַנדערש.

נאָך דער רעוויזיע זענען די אַרבעטער אַריין אין געטאָ. טערעזע איז געלאָפן אין מיטן גאַס. פון ביידע זייטן האָבן געקוקט אויף איר די טויטע אויגן־לעכער פון די פּוסטע הייזער. זיי זענען צוגעקומען צו גענשע־גאַס. דאָרט איז ווידער געווען אַ „וואַך" — דער דורכגאַנג פון אַזוי גערופענעם „ווילדן" געטאָ צום „צענטראַלן".

זי איז געלאָפן צו דער וואָלינסקע גאַס, ווו זי האָט געוווינט פאַר דער „אַקציע". אויף דער טיר איז געווען אַן אויפשריפט: „אַרבעטער פון דער פאַבריק „אורסוס". טערעזע איז אַריינגעגאַנגען אין שטוב, זיך אומגעקוקט. אין דער וווינונג האָבן זיך געפונען פרעמדע מענטשן.

— וועמען זוכסטו? — האָט איינער פון זיי זיך אָנגערופן.

— מיינע עלטערן. איך האָב דאָ געוווינט.

קיינער האָט נישט געענטפערט. טערעזע האָט זיך צעוויינט. זי האָט אַלץ פאַרשטאַנען.

באַגינען האָט זי זיך געשטעלט אין דער ריי מיט די אַרבעטער,

וואָס זענען אַרויס אויף דער „אַרישער זייט". איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי זיך געשטעלט צו דער רעוויזיע. דער זשאַנדאַר האָט טערעזען געטאַפּט איבער דער פּלייצע, געהייסן אויסטאָן די שיך און אַריינגעקוקט אינעווייניק. מיטן פּייטש האָט ער אויפגעהויבן איר קליידל.

— אין אָרדענונג, וויטער! לאָ־אָס! האָט ער אַ מרוקע געטאָן.

אונטער דער שמירה פון צוויי דייטשן האָט די גרופּע אַרבעטער אַדורכמאַרשירט די שטאָט. טערעזע איז געווען אין דער גרופּע. זיי זענען אָנגעקומען אויף כמיעלנע־גאַס. ביים טויער האָבן שוין גע־וואַרט די קינדער.

— נו דערציי...

טערעזע איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך.

— קיינער איז שוין מער נישטאָ, — האָט זי לסוף אַרויסגע־שעפּטשעט און זיך געשטיקט אין רערן.

אין טרויער זענען די קינדער אַוועק אין שטאָט עפּעס פּאַרדינען.



ס'איז אָנגעקומען דער ווינטער. נאָך ניי־יאָר האָבן זיך געשטעלט פרעסט. די קינדער זענען געוואָרן באַקליידט און באַשיכט פון די „פּלאַצוווקע"־אַרבעטער, האָבן זיי נישט שטאַרק געליטן פון דער קעלט. פרוי קאַלאָטאַ האָט אַריינגעשטעלט אין שטוב אַ קליין אייזערן אייוועלע, וואָס פלעגט פון עטלעכע שטיקלעך קוילן זיך צעגליען און האָט פאַרשפּרייט אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט. אָבער מער פון אייוועלע, פון דער זופּ און קאַווע, האָט געוואַרעמט די קינדער דער האַרציקער שמייכל און דאָס גוטע וואָרט פון דער באַלעבאָסטע. זיי האָבן איר געמוזט דערציילן וועגן די געשעענישן פון גאַנצן טאָג און וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אויף דער „פּלאַצוווקע". ביטשעקן האָבן די קינדער ווידער דערציילט וועגן דער פרוי קאַלאָטאַ, האָט ער פון צייט צו צייט איר געשיקט מתנות: אַן אַלומיניום־טשאַיניקל,

אַ פּאַן, אַ קאָמפּלעט טיי־לעפּעלעך, אַ שייך פּאָרצעלייען קריגעלע.
אין געטאָ האָבן די אַלע זאַכן זיך נאָך אַרומגעוואַלגערט אין מיסט,
אין די וווינונגען און אויף די הייף. די דייטשן האָבן נישט געשטערט
אַרויסצופירן די חפצים. די פּוילישע הענדלער ביי דער „פּלאַצוווקע"
האָבן געגעבן דערפאַר גראָשנס, איז ביטשעקן ליבער געווען זיי
אַוועקצושענקען דער גוטער פרוי, וואָס האָט איינשטעלנדיק דאָס לעבן,
אַרויסגעוויזן אַזוי פיל איבערגעגעבנקייט צו די יידישע קינדער.

אין מיטן יאַנואַר 1943 האָבן אויף דער „אַרישער זייט"
אָנגעהויבן פאַרקומען זאַכן, וואָס האָבן דערמאָנט די „אַקציעס" אין
געטאָ. אין משך פון דריי טעג האָבן די דייטשן בלאָקירט הייזער
אָדער גאַנצע גאַסן; זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט מענטשן,
געלאָדן זיי אויף די „בודעס"* און אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַ־
וווסטער ריכטונג. אויף די יידן אין געטאָ איז געפאַלן אַ פּחד, ווען
זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם.

— אויב מען בלאָקירט שוין די פּאָליאַקן, — האָבן זיי געזאָגט —
גרייט זיך פאַר אונדז אויך אַ נייע צרה.

זיי האָבן זיך נישט טועה געווען.

דעם 18־טן יאַנואַר 1943, האָט זיך אין געטאָ אָנגעהויבן אַ נייע
„אויסזידלונג"־אַקציע. ווידער האָט זיך אָנגעהויבן די יאָגד אויף
מענטשן. מ'האָט זיי אַרויסגעשלעפּט פון די קעלערס און בוידעמס.
עטלעכע פּלאַצוווקעס זענען ליקווידירט געוואָרן, צווישן זיי אויך
„אָמניום" פון כמיעלנע־גאַס. די אַרבעטער האָט מען אַוועקגעפירט
אויפן אומשלאַגפּלאַץ און ווידער האָט מען טויזנטער מענטשן גע־
טריבן אין די וואַגאָנעס, וואָס האָבן געפירט קיין טרעבלינקע.

אויף דער מילע־גאַס איז דערגאַנגען צו אַ באַוואָפנטן צוזאַמענ־

---

* לאַסט־אויטאָס פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע, געדעקטע מיט פּלאַנ־
דעקעס.

שטויס צווישן יידן און דייטשן. דאָס איז געווען דער ערשטער באַ־וואָפנטער ווידערשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

אין פיר טעג אַרום איז די „אַקציע" געוואָרן איבערגעריסן.

די קינדער האָבן שוין מער נישט געזען די יידישע אַרבעטער פון דער „פלאַצוווקע". זיי האָבן זיך אומגעקערט צו זייער „פראָ־פעסיע".

7

## עפּענען, פּאָליציי!

יעדן טאָג האָט עמעצער אַנדערש דיזשורירט אין דער וווינונג פון פרוי קאַלאָטאַ. ס׳איז פּונקט געווען די ריי פון קינאַל און ער איז געווען פאַרנומען מיט פאַרריכטן זיינע צעריסענע הויזן, האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. קינאַל איז געבליבן ווי פאַרשטאַרט און האָט זיך נישט אָנגערופן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט עמעצער אָנגעהויבן צו מאַניפּולירן ביי דער טיר און איידער קינאַל האָט נאָך באַוויזן אָנצוטאָן די הויזן, האָט זיך באַוויזן אַ יונגער מאַן. איבערראַשט פון טרעפן דאָס יינגל, האָט ער געוואָלט זיך צוריקציען, אָבער ער האָט שנעל געענדערט זיין פּלאַן, איז אַריין אין צימער.

— גוט מאָרגן, כ׳בין געקומען באַקוקן די וווינונג. זי איז צו פאַרדינגען, אמת ? — האָט ער געפרעגט נערוועז.

— יאָ, — האָט קינאַל קוים אַרויסגעשטאַמלט. ער האָט זיך תיכף אָריענטירט, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ גנב, אָבער זיך נישט פאַרלוירן.

— דער בויך טוט מיר שרעקלעך וויי. איך גיי אין קלאָזעט, איך קום באַלד צוריק, — האָט ער געזאָגט נאָכן באַהערשן די ערשטע שרעק.

דער קלאָזעט האָט זיך געפונען אויפן האַלבן שטאָק. קינאַל איז אָבער אַוועק צו דער הויזוועכטערין. זי האָט תיכף געשיקט נאָך פּאָליציי און פאַרמאַכט דאָס טויער. דער גנב האָט זיך נישט אָנגעשטויסן, אַז ער געפינט זיך אין אַ פּאַסטקע. ער האָט אויסגעזוכט אין שטוב ווערטפולע זאַכן און באַהאַלטן זיי אונטער אַ באַליע אויף

די טרעפּ. דערנאָך איז ער זיך רויק אַראָפּגעגאַנגען צום טויער. דאָרט האָט שוין געוואַרט אויף אים אַ פּאָליציאַנט. נאָך אַ רעוויזיע האָט מען גיך געפונען די געגנבעטע זאַכן אונטער דער באַליע און דער גנב האָט זיך נישט געקאָנט מער פאַרטיידיקן. קינאַל איז געוואָרן דער העלד פון טאָג ביי די נייגעריקע שכנים.

ווען די פרוי קאַלאָטאַ איז צוריקגעקומען, איז זי געווען שטאָלץ מיט אים. זי האָט אַרויסגענומען פון באַהעלטעניש אַ סלאָיִק איינ־געמאַכטס און מכבד געווען די קינדער. דער גנב איז יענעם אָוונט געווען די איינציקע טעמע. עס איז פאָרגעקומען אַן אמתע דיסקוסיע. באַשיע און קולאַס האָט געלויבט קינאַלס מוט, זיין איינפאַלעריש־קייט און באַהערשטקייט.

— זי וועט אונדז שוין איצט נישט אַרויסוואַרפן. קינאַל האָט געוויזן וואָס מיר קענען.

טערעזע דאַקעגן האָט אַרויסגערוקט באַוואָרעניש, גאַרנישט קיין קינדערישע:

— דאָס גאַנצע הויז האָט געזען קינאַלן. עמעצער קאָן אים „פאַרשיטן”. און בכלל, צו וואָס האָט מען געדאַרפט די גאַנצע אַוואַנ־טורע מיט דער פּאָליציי?

שוין צו מאָרגנס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז געווען גע־רעכט. אַ פּאָליציאַנט איז עטלעכע מאָל געקומען אַדורכפירן אַן אויס־פאָרשונג. נישט טרעפנדיק קינאַלן, האָט ער איבערגעלאָזט אַ צעטל ער זאָל זיך שטעלן אין קאָמיסאַריאַט. ער איז דאָך געווען דער הויפּט־עדות. אָבער אַז קינאַל זאָל זיך מעלדן אין דער פּאָליציי, וועגן דעם האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. איז נישט געבליבן קיין אַנ־דערע ברירה, ווי פאַרלאָזן די גאַסטפריינדלעכע שטוב פון פרוי קאַלאָטאַ.

צוזאַמען מיט קינאַלן איז אויך באַשיע אַוועק, טראָץ דעם, וואָס איר ברודער קולאַס, האָט זיך קעגנגעשטעלט. דער פּאָליציי־באַזוך האָט זיי שטאַרק אָפּגעשראָקן. באַשיע איז אַוועק צו אַ פּוילישער פרוי

אורבאַן (אויף גרויעצקע־גאַס), מיט וועלכער זי האָט זיך לעצטנס באַקענט. ווען דאָס מיידל האָט איר דערציילט אירע איבערלעבענישן, האָט די פרוי געקריגן צו איר סימפּאַטיע און דערלויבט איר צו נעכטיקן ביי זיך פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל.

אין דער וווינונג האָבן זיך געפונען איבער אַ צענדליק הינער, וואָס פרוי אורבאַן האָט געהאַדעוועט אויף מסחר. דער הויפּטקוואַל פון איר חיונה איז אָבער געווען דאָס געלט, וואָס זי האָט באַקומען וועכנטלעך פאַרן נאָכטלעגער פון אַן עלטערן ייד מיטן נאָמען מיע־טעק. די באַלעבאָסטע האָט אויסגענוצט די סיטואַציע און מיט יעדער וואָך גענומען אַ גרעסערן „אָפּצאָל" ביי איר „לאָקאַטאָר".

נישט איין מאָל פלעגט פרוי אורבאַן זאָגן צום מיידל:

— די יידן האָבן דאָלאַרן. דיך האַלט איך פאַר אַ האַלבן פּרייז. זאָל ער צאָלן פאַר זיך און פאַר דיר...

מיעטעק האָט אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט פאַרן בלויזן עסן אַלס געהילף פון אַ הויזוועכטער אויף אַלעע יעראָזאָלימסקע. נישט איין מאָל האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין דער פרוי אורבאַן, אַז ער האָט נישט קיין געלט, אַז ער האָט שוין אויספאַרקויפט אַלע זיינע זאַכן. אָבער די פרוי אורבאַן האָט נישט געגלייבט.

— אַלע יידן זאָגן, אַז זיי האָבן נישט קיין געלט, אָבער אַז מען גיט נאָר גוט אַ טאַפּ ביי זיי, געפינט מען שוין, — האָט זי געענט־פערט.

און צום מיידל האָט זי איין מאָל געזאָגט:

— פאַר אַט דעם פאַרך שטעל איך איין דעם קאָפּ און ער מאַכט זיך תמעוואַטע. אויב ער וועט נישט באַצאָלן, וועל איך אים אויסגעבן.

מיעטעק, אַ געוואָרנטער פון באַשיען וועגן דער פרוי אורבאַנס כוונות, איז אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אויף בוידעמס. אָבער זיין באַלעבאָסטע האָט זיך אָבער נישט באַרויקט. זי האָט זיך דערוווּסט ווו ער אַרבעט און געשיקט „שמאַלצאָווניקעס". פון דע־מאָלט אָן איז פאַרשוווּנדן זיין יעדער שפּור.

נישט לאַנג האָט זיך אויך דאָס מיידל געפרייט מיט איר ביסל מנוחה און מיטן דאַך איבערן קאָפּ. די פרוי אורבאַן האָט זי אָנגעהויבן חושד זיין, אַז זי האָט אויפמערקזאַם געמאַכט מיעטעקן אויף דער געפאַר, באַשיע האָט מורא געהאַט, אַז די פרוי אורבאַן וועט זיך וועלן נוקם זיין אין איר, האָט זי דעריבער באַשלאָסן אַרויסצופאָרן אויף אַרבעט אין דאָרף. זייט דאַן איז זי פאַרשוווּנדן.

קינאַל האָט עטלעכע טעג געגעכטיקט אויף ביידעמס. איין נאַכט האָט די קעלט אים אַזוי אומברחמנותדיק געפייניקט, אַז ער האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן. האָט ער זיך איבערגעטראָגן פון איין אָרט אויפן צווייטן. אָבער אַפילו אין אַ זייטיק ווינקל, וואָס איז געווען פאַרשטעלט מיט גראַטעס, האָט ער אויך נישט געפונען קיין שוץ פאַרן וואָיענדיקן ווינט. פּלוצלונג האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק אין זיין מוח: ער האָט צונויפגענומען אַלע סלאָמיאַנקעס* וואָס ליגן פאַר די טירן, געמאַכט זיך דערפון אַ געלעגער אין אַ ווינקל פון בוידעם און איז באַלד איינגעזונקען אין אַ טיפן שלאָף.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען גוט טאָג. פון דרויסן האָבן זיך דערטראָגן פרויען־שטימען:

— מיין סלאָמיאַנקע איז פאַרשוווּנדן.

— אויך מיינע! זעט, מאַדאַם, וואָס פאַר אַ צייטן מיר האָבן דערלעבט, אַפילו שמוציקע סלאָמיאַנקעס גנבעט מען שוין.

דאָס יינגל האָט איבערגעוואַרט ביז די קולות זענען איינגעשטילט געוואָרן. ער האָט געוואָלט צוריקלייגן די סלאָמיאַנקעס אויף זייער אָרט, האָט פּלוצלינג אַ סקריפּ־געטון עפּעס אַ טיר. איז ער שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון די טרעפּ און אַנטלאָפן. ער האָט גענעכטיקט אין חורבות, ביז ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די מעשה מיטן גנב און דער פּאָליציי איז פאַרגעסן געוואָרן, האָט ער באַשלאָסן זיך צוריק אומקערן צו פרוי קאַלאַטאַ. און ס'איז ווידער אָוועק אַ „נאָרמאַל" לעבן.

---

* שטרוי־געפלעכט פאַר די טירן אויף אָפּצווישן די שיך.

ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן. טערעזאַ און קולאַס האָבן אָפּגעוואַרט ביי דער „וואַד״ די יידישע אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אויף דער אַרישער זייט.

די אַרבעטער האָבן זיי געגעבן געלט און זאַכן. נישט איין מאָל זענען די קינדער פאַרטשעפּעט געוואָרן דורך קליינע פּוילישע יונג־לעך, וואָס האָבן געדראָט מיט אַרויסגעבן דער פּאָליציי. זיי האָבן זיך דאַן געראַטעוועט מיט אַנטלויפן, אָדער מיט אויסקויפן זיך. באַלוש ווידער פלעגט גיין פון שטוב צו שטוב און געבעטן עסן.

איין מאָל אין אַ זונטיק אין דער פרי, זענען קינאָל און באַלוש אַרויס אין שטאָט עפּעס פאַרדינען. טערעזע און קולאַס האָבן באַ־שלאָסן צו בלייבן דעם טאָג אין שטוב. זיי זענען געזעסן ביים טיש און גערעדט. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק קלאַפּן אין טיר. די באַלעבאָסטע האָט מיטן פינגער געוויזן די קינדער אויף אַ קוילן־קעמערל. עס האָבן זיך דערהערט נאָך צוויי שטאַרקע קלעפּ, און דערנאָך אַ שטאַרקער שטויס מיטן פוס.

— עפנען! פּאָליציי!

פרוי קאַלאָטאַ האָט געעפנט. ס׳האָבן זיך אַריינגעשאַרט דריי ציווילע פאַרשוינען. פון שרעק איז די באַלעבאָסטע בלאַס געוואָרן.

— איר באַהאַלט דאָ יידלאַקעס! — האָט אַ געשריי געטאָן איינער פון די „שמאַלצאָווניקעס״.

זי האָט געלייקנט און געוואָלט זיי איבערצייגן, אַז דאָס איז נישט אמת. די „שמאַלצאָווניקעס״ האָבן נישט געגלייבט.

— מיר ווייסן אַלץ, מענטשן האָבן געזען! איר קענט די פרוי אורבאַן, וואָס האָדעוועט הינער?

(ווייזט אויס, אַז די פרוי אורבאַן, וועמען באַשיע האָט אַ מאָל דערציילט וועגן דער פרוי קאַלאָטאַ, האָט אָנגעשיקט די „שמאַל־צאָווניקעס״).

— אָבער וואָס ווילט איר פון מיר?...

— וואָס ? איר נעמט הונדערט טויזנט פון אַ קעפּל, מאַכט זיך נישט געפּגרט, — האָט איינער פון די שאַנטאַזשיסטן זיך אָנגערופן.

— מיר ווילן אויך לעבן, — האָט אַ צווייטער געזאָגט.

— נו, וואָס, איר פאַרשטייט נאָך אַלץ נישט ! ? — האָט זיך געוווּנדערט דער דריטער, אַ דיקער חברה־מאַן, עלעגאַנט געקליידט, ווייזט אויס דער אָנפירער פון דער באַנדע. — מאַכן אַ רעוויזיע ! — האָט ער באַפוילן.

די פאַרשוינען האָבן אָנגעהויבן זוכן אין דער וווינונג, אַריינגעקוקט אין דער שאַפע, אונטערן בעט, אין דער קאָמאָדע נעבן פענצטער, פאַרבייגעגאַנגען דאָס קעמערל. די קינדער זענען געזעסן איינגעהויקערטע און איינגעהאַלטן דעם אָטעם. די „שמאַלצאָווניקעס" האָבן נישט אַריינגעקוקט אין קוילן־קאַסטן.

— גאָט אַליין האָט זיי פאַרבלענדט, — פלעגט שפּעטער פרוי קאַלאָטאַ זאָגן.

די „שמאַלצאָווניקעס" זענען אַוועק, צוזאָגנדיק אַז זיי וועלן נאָך צוריקקומען. אַרויסגייענדיק פון טויער, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף קינאַלן.

— קום נאָר אַהער, — האָט איינער פון זיי אים גערופן.

— מיר ווייסן, אַז דו ביסט אַ ייד. האָב נישט קיין מורא, מיר וועלן דיר גאָרנישט טאָן, דו דאַרפסט אונדז נאָר זאָגן ווו עס וווינען רייכע יידן.

—וואָס ייד, ווען ייד, איך בין נישט קיין ייד, — האָט קינאַל געלייקנט.

די שאַנטאַזשיסטן האָבן אים אַריינגעפירט אין טויער און קאָנטראָלירט. איינער פון זיי האָט אים תיכף אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש.

— דו פאַרשיוועור באַשניטענער ייד, האָסט אונדז געוואָלט אָפּנאַרן !

זיי האָבן אים באַזוכט די קעשענעס און צוגענומען דאָס געלט

וואָס ער האָט דעם טאָג „פּאַרדינט״. דערנאָך האָבן זיי אָראָפּ־געשלעפּט פון אים די מאַרינאַרקע און דעם סוועטער. קינאַל האָט אָנגעהויבן צו וויינען.

— זאָג ווו יידן וווינען, וועסטו אַלץ קריגן צוריק. וועסט נאָך קריגן פון אונדז גאַנצע שיך. און אויב דו וועסט נישט זאָגן, וועלן מיר דיך אָפּפירן אין געסטאַפּאָ. דאָרט וועסטו קריגן אַ קויל אין קאָפּ און פאַרטיק.

קינאַל האָט געוויינט און געבעטן זיי זאָלן אים אָפּלאָזן.

— קוויטשע נישט, דו הינטישער זון, דו וועסט באַלד קריגן אין דער מאָרדע אַריין, — האָט דער דיקער אים געדראָט.

— נו, זאָגסט צי ניין?

ער האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר געוויינט. די שאַנטאַזשיסטן האָבן אים געפירט צום פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט.

— באַלד וועסטו אַלץ אויסדבר'ן — האָבן זיי אים געדראָט.

זיי האָבן זיך דערנענטערט צום קאָמיסאַריאַט. קינאַל האָט געזען, אַז עס האַלט שמאָל.

— גוט, איך וועל זאָגן. היינט ביי טאָג וועל איך זיך דערוויסן ווו יידן וווינען און מאָרגן אין דער פרי וועל איך אייך זאָגן — האָט ער קוים אַרויסגעשטאַמלט.

זעענדיק, אַז זיי וועלן פון אים גאָרנישט אַרויסבאַקומען, האָבן זיי אים געלאָזט לויפן.

— אויב דו וועסט מאָרגן נישט קומען אויפן אָפּגעשמועסטן אָרט, וועלן מיר דיך ביי דער נאָענטסטער געלעגנהייט פאַרטיק מאַכן — האָבן זיי אים נאָך געדראָט פאַר אַוועקגיין.

קינאַל האָט אָנגעהויבן אַוועקגיין פּאַמעלעך, דערנאָך פאַרשנעלערט דעם טעמפּאָ פון זיינע שריט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער טאָר זיך נישט אומקוקן. ערשט ווען ער האָט פאַרדרייט אין אַ צווייטער גאַס, האָט ער אָנגעהויבן צו לויפן, מאַכנדיק ספּעציעלע אומוועגן. אַזוי איז ער אָנגעקומען צו דער ווידאַק־גאַס. און נישט זעענדיק קיין

פּאַרדעכטיקן, איז ער אַריין צו פּרוי קאַלאַטאַ. דאָרט זענען געזעסן אין שרעק טערעזאַ און קולאַס. באַלד איז אויך אָנגעקומען באַלוש. אָטעמענדיק שווער האָט קינאַל דערציילט, וואָס עס איז געשען מיט אים.

— מיר האָבן אויך אַראָפּגעשלונגען נישט ווייניק שרעק — האָט טערעזע אים איבערגעריסן.

— אַנטלויפט קינדער, אַנטלויפט, זיי קאָנען נאָך צוריקקומען אַהער, — האָט די דערשראָקענע באַלעבאָסטע זיך געבעטן.

די קינדער זענען אַוועק אין אַ ווינקל און שטילערהייט זיך בּאַראָטן.

— יאָ, מאָרגן אין דער פרי מוזן מיר אַנטלויפן — האָט דעצידירט טערעזע, די עלטסטע צווישן זיי.

איין באַלוש האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס איז דאָ געשען. ער האָט נישט געוואָלט אַוועקגיין און בעטנדיק געקוקט אויף דער פרוי קאַלאַטאַ.

די חברה האָט זיך געלייגט אויף דער ערד. מיטן ערשטן פרימאָרגנשיין זענען זיי אויפגעשפרונגען פון די פּאַדלאָגעס. טערעזע איז צוגעלאָפן צום פענצטער.

— מ׳דאַרף זיך שוין אָפּטראָגן. ס׳איז שפּעט, — האָט זי געזאָגט.

די באַלעבאָסטע איז אַראָפּגעלאָפן אונטן זען, צי אין גאַס דרייט זיך נישט עפּעס אַ פּאַרדעכטיקטער.

די קינדער האָבן איר געדאַנקט פאַר דער שוץ און הילף, גע־קושט איר די האַנט. זי האָט געוויינט. צוגעגאַנגען צום קופערל און אַרויסגענומען פון דאָרט די מעטריקע פון איר פאַרשטאָרבענער טאָכטער, סילוויאַ.

— נעם עס, עס קאָן דיר אַ מאָל צונוץ קומען, — האָט זי זיך אָנגערופן צו טערעזען.

ס׳מיידל האָט באַהאַלטן די מעטריקע.

— גיט אַכטונג, זייט פאָרזיכטיק! טערעזע, דו פאַרנעם זיך מיט באָלושן — האָט די באַלעבאָסטע אָנגעזאָגט.

די קינדער זענען שטילערהייט אַראָפּ פון די שטיגן, אַ טרעפּל נאָך אַ טרעפּל. זיי זענען אַוועק נישט וויסנדיק וווהין זיי גייען.

פיר קליינע געשטאַלטן האָבן זיך פאַרבייגערוקט פאַזע די מויערן.

# 8

## קינדער פון דער גאַס

אַ גאַנצן טאָג האָבן זיך די קינדער אַרומגעדרייט איבער די גאַסן, זוכנדיק עפּעס אַ לייטזעליקן בליק פון אַ פאַרבייגייער: אפשר וועט עמעצער זיך מרחם זיין און נעמען זיי צו זיך? טויזנטער מענטשן האָבן זיי אויסגעמיטן גלייכגילטיק. אַ מאָל האָט עמעצער מיט אומ־ווילן צוגעוואָרפן אַ שטיקל ברויט. ס׳איז געוואָרן טונקל, און זיי האָבן געוואַנדערט איבער די גאַסן, פאַרצווייפלט געזוכט עפּעס אַ נאַכטלעגער.

זיי זענען אַריבער די בריק און אַוועק אַזש אויף סאַסקע־קעמפּע. דאָרט האָבן זיי געפונען די חורבות פון אַ צעקלאַפּט הויז. נישט באַ־מערקט פון קיינעם, זענען זיי אַראָפּ אין קעלער. אין דער פינצטער האָב זיי געזוכט אַ ווינקל, וווּ קיינער זאָל זיי נישט באַמערקן. זיי האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, און מידע פון אַ גאַנצן טאָג וואַלגערן זיך, זענען זיי איינגעשלאָפן. אָבער אין דער פרי האָט ווידער זיך געשטעלט פאַר זיי די פראַגע: וואָס ווייטער?...

— דו מוזט אַוועק פון וואַרשע, — האָט טערעזע זיך אָנגערופן צו קינאָלן — די שמאַלצאָווניקעס האָבן דיך דערטאַפּט און ס׳וועט דיר זיין וויי און ווינד, אַז זיי וועלן דיך נאָך אַ מאָל טרעפן.

איז קינאַל אַוועק צום מאַרק, וווּהין די פויערים פלעגן ברענגען זייערע פּראָדוקטן צום פאַרקויפן. געגאַנגען פון וואָגן צו וואָגן און געפרעגט:

— אפשר דאַרפט איר אַ יינגל צו די קי, באַלעבאָס?

נאָך עטלעכע שעה האָט ער געפונען אַ פויער פון הינטער ראַ־

דזימין, וועלכער האָט אים געוואָלט נעמען, אָבער פאַרן בלויזן עסן. כדי נישט אַרויסצורופן קיין חשד, האָט קינאָל נישט תיכף מסכים געווען:

— פּאַניע, גיט צו אַ פּאָר זלאָטעס, וועל איך גיין. איר פאַר־שטייט, איך וווין ביי אַ פעטער, האָב איך זיך מיט אים צעקריגט און כ׳האָב מורא אַהיימצוגיין.

דער פויער האָט נישט געוואָלט געבן. דאָס יינגל איז לסוף איינגעגאַנגען און זיי זענען אַוועקגעפאָרן.

ווי נאָר די זון האָט זיך באַוויזן, פלעגט קינאָל טרייבן די קי אויפן פּאַשע־פעלד. ער האָט געפּאַכעט מיטן ריטל און אויסגעזונגען אַלע פּוילישע לידלעך, וואָס ער האָט נאָר געקענט. דאָרט האָט ער זיך דערפילט פרייער און זיכערער. ס׳זענען דאָרט נישט געווען קיין דייטשן, נישט קיין גראַנאַטאָווע פּאָליציאַנטן. ער האָט נישט געמוזט דערציילן אויסגעטראַכטע מעשות, אַז די מאַמע ליגט אין שפּיטאָל. ער איז געווען אַליין צווישן די קי, וואָס האָבן רויק מעלה־גירהט דאָס גראָז. אין אָוונט פלעגט ער טרייבן די קי אין שטאָל אַריין און געלאָפן אין שטוב. אויפן טיש איז שוין געשטאַנען גרייט אַ ריזיקע שיסל קאַרטאָפל און אַ שפּאָר טעפּל מיט אָפּגעצויגענער מילך.

די אַנדערע קינדער: טערעזע, קולאַס און באָלוש, האָבן זיך געזוכט זייער וועג אין שטאָט. זיי זענען אַרומגעגאַנגען באַזונדער, כדי נישט אַרויסצורופן קיין פאַרדאַכט ביי די דורכגייער. נאָך מיטאָג פלעגן זיי זיך טרעפן און זוכן אַ נייע באַהעלטעניש, וואָרעם ס׳איז געווען געפערלעך צו נעכטיקן כסדר אויפן זעלביקן אָרט.

איין מאָל אין אָוונט זענען זיי אַוועקגעגאַנגען אויף גראָכאָוו, צו די גרינס־גערטנדלעך און האָבן זיך דאָרט פאַרשטעקט הינטער אַ באַרג ברעטער. די לבנה האָט זיך באַהאַלטן הינטער בלייערנע כמאַרעס. דער ווינט האָט געריסן די צווייגן, ברעטער, וואָס האָבן געקלאַפּט און געוועקט די שלאָפנדיקע קינדער. דערנאָך האָט אָנגעהויבן גיסן אַ רעגן, וואָס האָט אונטערגעשווענקט די ערד, די ברעטער

האָבן זיך פונאַנדערגערוקט. די קינדער זענען געוואָרן דורכגעווייקט ביזן לעצטן פאָדעם און ציטערנדיק פון קעלט, האָבן זיי זיך צונויפ־געטוליעט. די קליידער האָבן זיך צוגעקלעפּט צו זייערע לייבער. דער קליינער באָלוש האָט געקלאָגט: ס׳איז מיר קאַלט.

פאַר טאָג איז אַ ביסל לייכטער געוואָרן. די דריי קינדער זענען געגאַנגען איבער די גאַסן. וווּהין? ווו זאָל מען אויסטריקענען די דורכגעווייקטע מלבושים? מענטשן האָבן זיי נאָכגעקוקט.

— לאָמיר פּרוּוון גיין צו דער „באָבטשע" אויף קרוטשע 16. דו, קולאָס, קענסט זי דאָך, האָסט געזאָגט, אַז זי איז אַן אָרנטלעכע פרוי, זי העלפט אָרעמע קינדער, — האָט טערעזע דעצידירט.

זיי זענען אַוועק. שנעל געעפנט די טיר און אַריינגעקוקט אין צימערל. די „באָבטשע" איז געזעסן ביים טיש און געהאַלטן אין האַנט אַ בלעכל מיט זופּ, וואָס זי האָט געבערענגט פון ר. ג. אָ. קולאָס האָט זי דערמאָנט, אַז ער איז שוין אַ מאָל געווען ביי איר און גע־בעטן זי זאָל זיי דערלויבן אויסטריקענען די מלבושים. זי האָט מסכים געווען. די קינדער האָבן איר דערציילט, אַז זיי וווינען ווייט פון דאַנען, זיי האָבן שלעכטע עלטערן, וואָס שלאָגן זיי און נעמען ביי זיי צו דעם לעצטן גראָשן. זיי האָבן אַזוי גערעדט ביז ס׳איז געוואָרן פינצטער. די אַלטע האָט דאַן געזאָגט:

— ס׳איז שפּעט, איר וועט נישט באַווייזן ביז נאַכט אַהיימ־צוקומען.

טערעזע האָט אַזש אויפגעשוידערט ביים געדאַנק, אַז מ׳דאַרף ווידער זוכן עפּעס אַ חורבה ווו איבערצונעכטיקן.

— און אפשר?... — זי האָט נישט געוואַגט צו ברענגען פאַרן מויל איר געדאַנק.

צום גליק האָט די „באָבטשע" אַליין צוגעגעבן:

— נעכטיקט איבער ביי מיר, אויף דער אַנטרעסאָלע. איר זאָלט אָבער נישט משתין זיין אויף דער פּאָדלאָגע.

די קינדער האָבן זיך אונטערגעלייגט די שמאַטעס, וואָס זיי האָבן געפונען און איינגעשלאָפן.

אין דער פרי האָט די „באַבטשע" געיאָגט די קינדער:

— קריכט אַראָפּ! ס'איז שפּעט!

טערעזע האָט געדאַנקט דער אַלטער פאַרן נאַכטלעגער און אַריינגערוקט איר אין האַנט 3 זלאָטעס. די „באַבטשע" האָט צופרידן באַטראַכט דאָס געלט און פאַרשטעקט עס אין בוזעם.

— טייערע קינדער, גאָט זאָל אייך העלפן איר זאָלט פאַרדינען אַ סך געלט, — האָט זי זיי געבענטשט פאַרן אַוועקגיין. — און אויב ס'וועט רעגענען, אָדער איר וועט נישט באַוויזן אַהיימצוגיין, קאָנט איר קומען צו מיר!

גאַנצע טעג האָבן די קינדער זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן און געזוכט „פּרנסה". אין די וואַרעמע אַפּריל־נעכט האָבן זיי גענעכטיקט אין חורבות און אין קעלערס. ווען ס'איז אָבער געוואָרן קילער, אָדער ווען ס'האָט גערעגנט, זענען זיי געגאַנגען צו דער „באַבטשע" אויף קרוטשע. ביסלעכווייז האָבן זיי אָנגעהויבן אַלץ אָפטער נעכטיקן ביי איר.

איין מאָל, אין דער פרי, זענען זיי געוואָרן אויפגעוועקט פון אַ שאַרפער שיסעריי אין שטאָט. דאָס איז געווען דער אָפּהילך פון קעמפנדיקן געטאָ. ס'האַרץ איז זיי אויסגעגאַנגען צו וויסן וואָס קומט דאָרט פאָר.

טערעזע האָט באַשלאָסן צוצוגיין צום ברענענדיקן געטאָ, כאָטש קולאָס האָט זי אָפּגערעדט דערפון. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט צווי־שן דעם המון, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו די געשעענישן. לאַנג האָט זי נישט געקאָנט קוקן — טרערן האָבן איר פאַרשטעלט דעם בליק. זי איז אַריינגעשפּרונגען אין טראַמוויי. אַלע האָבן געקוקט אויף איר. אירע אויגן, וואָס זענען געווען רויט פון וויינען, האָבן אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט.

— אַרויס, זשידוווּאַ! * — האָט איינער פון די פּאַסאַזשירן פּלוצ־לונג אַ געשריי געטאָן און מיטן גאַנצן כוח אַרויסגעשטופּט זי פון טראַמוויי אין מיטן פאָרן. זי איז געפאַלן אויפן ברוק און צעהאַקט זיך דעם שטערן. איר פּנים האָט זיך פאַרגאָסן מיט בלוט, זי האָט פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. דער טראַמוויי איז געפאָרן ווייטער. ווען זי איז געקומען צו זיך, איז זי שוין געלעגן אויף אַ שפּיטאָל־בעטל, נאָך אַן אָפּעראַציע: מ׳האָט פעסטגעשטעלט ביי איר, אויסער דער וווּנד אויפן שטערן, אויך אַ ברוך פון שליסלביין.

ווען זי איז געזונט געוואָרן און אַרויס פון שפּיטאָל, האָט זי זיך ווידער אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן, ביז זי איז אין אָוונט אָנגעקומען אויף קרוטשע. איבער איר לינקן אויג האָט זיך גערויטלט אַ שניט — דער צייכן פון מענטשלעכער רשעות.

— טערעזע, טערעזע, דו לעבסט! און מיר האָבן געמיינט, אַז דו ביסט שוין „איינגעזונקען" געוואָרן! — האָט קולאַס אויסגעשריגן, ווען ער האָט זי דערזען ביים טויער.

באַלוש האָט זיך געוואָרפן זי קושן.

טערעזע, אַ געריירטע און בלייכע, איז געשטאַנען, ווי פאַר־שטיינערט.

ווען זיי זענען אין עטלעכע טעג אַרום אַלע געגאַנגען אין דער ריכטונג פון ר. ג. אָ. אויף מיטאָג, האָט קולאַס אַ צי געטאָן טערעזן ביים אַרבל.

— טערעזע, זעסט די צוויי־אָ אויף יענער זייט? דאָס זענען „אונ־דזעריקע", איך געדענק זיי פון געטאָ...

זיי זענען צוגעגאַנגען צו די צוויי שוועסטערס, איינע אַ פערצנ־יאָריקע, די צווייטע אַ ניינציאָריקע, וועלכע זענען געשטאַנען אָנגע־שפּאַרט אָן אַ וואַנט און געזונגען פּוילישע לידער. די עלטערע, מיט אַ געניבוג „גוטן אויסזען", האָט צונויפגעקליבן נדבות. די יינגערע, מיט

* ייִדישקע.

בולטע סעמיטישע שטריכן, האָט צוגעצויגן די דורכגייער מיט איר קלינגענדיקן קולכל. אירע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן געוועקט סימפּאַטיע און מיטגעפיל. באַמערקנדיק טערעזען און קולאָסן, האָט זי אַ ווונק־געטון, אויפגעהערט זינגען און שנעל מיט דער שוועסטער אַריינגעלאָפן אין טויער פון שכנותדיקן הויז. אין ווינקל ביי די טרעפּ האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס:

— וואָס טוט איר? ווי אַזוי לעבט איר? — האָט טערעזע זיי געפרעגט.

— האָסט דאָך געזען, מיר זינגען אין די גאַסן, — האָט די עלטערע, מאַרישע[15], געענטפערט.

— און אין די רעסטאָראַנען, — האָט די קליינע, סטעפּטשע[16], צוגעגעבן. — מיר פאַרדינען נישט שלעכט.

זייט חדשים האָבן זיי זיך אַזוי אַרומגעשלעפּט און זיך מפרנס געווען פון זינגען. געגעכטיקט האָבן זיי אויף צופעליקע ערטער, ביי פאַרשידענע פרויען. צוליב סטעפּטשעס סעמיטישן אויסזען, האָבן זיי אָפט געמוזט בייטן די מעלינעס, געגעכטיקט אין חורבות. מיט אַ צייט צוריק האָבן זיי זיך באַקענט מיט אַ דרייצן־יעריק פּויליש מיידל און יענע האָט זיי אַריינגעפירט צו איר באָבען, וווּ זיי נעכטיקן אויף דער פּאָדלאָגע. פון דעם זינגען האָבן זיי גאַנץ פיין געקאָנט אויסקומען און אַפילו אַרויסהעלפן דער פּוילישער חברטע מיט איר באָבען.

איין מאָל איז אָבער סטעפּטשע קראַנק געוואָרן אויף אַ פלעקן־טיפוס און לונגען־אַנטצינדונג. זי האָט געברענט פון היץ, און ברענגען אַ דאָקטאָר איז דאָך געווען אוממעגלעך. פון דער צווייטער זייט האָט די באַלעבאָסטע מורא געהאַט, טאָמער שטאַרבט דאָס מיידל און ס'וועט זיך אויפדעקן, אַז זי האָט אויסבאַהאַלטן יידן. האָט זי פאַרלאַנגט מען זאָל אַרויסטראָגן דאָס קינד אין דרויסן. ס'האָבן נישט געהאָלפן מאַרישעס תחנונים — די באַלעבאָסטע האָט זיך גע־האַלטן ביי דאָס איריקע, דער פּחד האָט גובר געווען. נישט האָבנדיק

קיין ברירה האָט מאַרישע אַריבערגעפירט אין אַ דאָראָזשקע די קראַנקע סטעפּטשע צו דער קינדער־קליניק אויף קאָפּערניק־גאַס און דאָרט זי אונטערגעוואָרפן אין אויפנעם־צימער.

נאָך דעם ווי מ׳האָט פעסטגעשטעלט סטעפּטשעס קראַנקייטן, האָט די גיכע־הילף זי אַריבערגעפירט אינעם שפּיטאָל פאַר אָנ־שטענדיקע אויף וואָליע. נאָך דריי חדשים האָט זיך סטעפּטשע, אַ געזונטע אומגעקערט צו דער שוועסטער. זיי האָבן זיך ווידער גענומען צו דער פריערדיקער באַשעפטיקונג. מען האָט זיי פאַר־געשלאָגן שטענדיקע אויפטריטן אין פאַרשידענע קנייפּעס. צווישן אַנדערע, אין אַ רעסטאָראַן אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן. דאָרט זענען אַריינגעקומען פאַרשידענע פאַרדעכטיקע טיפּן, אַ מאָל אויך דייטשע זעלנער. אויפן פּלאַץ האָבן אויך געהאַנדלט פּוילישע יינגלעך מיט פּאַפּיראָסן, פּאַרקויפט, אָדער געטוישט אויף קאָנסערוון. זיי האָבן דערביי גוט פאַרדינט.

— אפשר וועט איר אויך פּרוּוון? — האָט מאַרישע פאָרגע־שלאָגן. — ס׳איז אַלץ בעסער ווי אַרומצודרייען זיך איבער די גאַסן.

קולאַס, וועלכער האָט געציטערט פאַר יעדער ענדערונג, האָט זיך געוואָקלט. אָבער טערעזע האָט זיך גלייך אָנגעכאַפּט אין דעם.

# 9

## אַ נייע „פּראָפעסיע“

נאָך מיטאָג זענען טערעזע, קולאַס און דער קליינער באָלוש אַוועק צום פּלאַץ פון די דריי קרייצן. אויפן וועג האָבן זיי געקויפט אַ פּעקל פּאַפּיראָסן „סוואַיאַק“. זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג ווו און ווי אַזוי אָנצוהויבן דעם מסחר. טערעזע האָט געניי באַטראַכט דעם גאַנצן פּלאַץ. פאַרן איינגאַנג אין „סאָלדאַטנהיים“ האָבן עטלעכע פּוילישע יינגלעך פאַרקויפט פּאַפּיראָסן.

— וואַרט צו, איך וועל זיך פּרוּוון אַוועקשטעלן דאָרט, — האָט זיך טערעזע אָנגערופן און אָנגעוויזן אויף דער געביידע פון דער געוועזענער גימנאַזיע אויפן נאָמען פון דער קעניגין יאַדוויגע.

— העי, וואָס ווילסטו דאָ? האָסט ווייניק גאַסן? אַקוראַט אַהער איז זי געקומען מיט איר „שייסע“, — האָט איינער פון די פּוילישע יינגלעך אויסגעשריגן.

זי איז צוריקגעקומען צו קולאַסן און באָלושן, וועלכע האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויפן גראָז.

— זיי לאָזן נישט שטיין; איך וועל פּרוּווןביים פאַרקאַן פון אינסטיטוט פאַר טויבשטימע, — האָט זי געזאָגט.

זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין אייזערנעם פאַרקאַן, אַרויסגענומען דאָס פּודעלע פּאַפּיראָסן און געוואַרט אויף קונים. קולאַס האָט זיך געדרייט דערנעבן און אַכטונג געגעבן צי עס באַווייזט זיך נישט קיין פּאָליציאַנט, אָדער אַ זשאַנדאַר.

פון דער „סאָלדאַטנהיים“ זענען אַרויס צוויי שיכורע דייטשע

זעלנער. זיי זענען צוגעגאַנגען צום פאָטאָגראַף, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן.

— דו, מאַך אונדז אַן אויפנאַמע! — האָט געשריגן איינער פון די דייטשן.

טערעזע איז אונטערגעלאָפן מיט איר פודעלע פאַפּיראָסן:

— ציגאַרעטן!

איינער פון די דייטשן האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ באַנקנאָט און דערלאַנגט דעם מיידל. ער האָט צוגענומען אַלע פאַפּיראָסן.

טערעזע איז אַ גליקלעכע צוגעלאָפן צו אירע יינגלעך:

— איך האָב פאַרקויפט אַלע פאַפּיראָסן!

— מאַכסט חוזק? — האָט קולאָס געפרעגט.

טערעזע האָט אים געוויזן דאָס געלט. זענען זיי אַוועק אויף האַזשע נאָך פרישע פאַפּיראָסן. פאַר נאַכט האָבן זיי שוין געהאַט פאַרדינט 80 זלאָטעס. זיי האָבן געקויפט עטלעכע ברייטלעך און אַוועק שלאָפן צו דער „באַבטשע״ אויף קרוטשע.

צו מאָרגנס אין דער פרי זענען זיי ווידער געקומען אויפן פלאַץ. טערעזאַ האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט די פאַפּיראָסןביים טויער פון אינסטיטוט, און נישט ווייט פון דאָרט, האָט קולאָס גענומען גראָבן מיט אַ שטעקעלע אין מיסט, וואָס איז דאָרט געלעגן. ער האָט אַרויסגעשלעפּט עטלעכע שמוציקע ברעטלעך און אַ שטיקל גלאָז, מיט וועלכע ער האָט געשאָבן און געריייניקט די ברעטלעך. דערנאָך האָט ער זיי צוגעמאָסטן, איינגעלייגט און באַטראַכט פון אַלע זייטן, און איז אַוועקגעלאָפן צום שוסטער אויף האַזשע־גאַס.

— פאַרקויפט מיר צוועלף קליינע טשוועקעלעך.

— נאַ, נעם זיך וויפל דו ווילסט און מאַך פליטה.

דאָס יינגל האָט גענומען אַ ביסל טשוועקלעך, געדאַנקט און אַוועק צוריק צום אינסטיטוט. מיט אַ ציגל האָט ער גענומען צונויפ־קלאַפּן די ברעטלעך. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער שוין געהאַט

פּאַרטיק אַ קעסטל אויף פּאַפּיראָסן. ער האָט געקוקט דערויף און געשטראַלט. מיטן קעסטל איז ער אַוועקגעלאָפן צו טערעזען.

— זע נאָר, איך האָב עס אַליין געמאַכט, — האָט ער זיך באַרימט.

— בינד צו אַ בענדל, וועסטו עס קאָנען אָנהענגען אויף זיך, — האָט דאָס מיידל אים געעצהט.

— פון וואַנען זאָל איך נעמען אַ בענדל?

— צי אַראָפּ פון די הויזן.

— וועל איך דאָך פאַרלירן די הויזן...

— טאָ קאָמבינירט עפּעס אויס!

ער האָט זיך אָנגעהויבן אַרומצודרייען מיטן קעסטל איבערן פּלאַץ. ביי אַ שויפענצטער פון אַ געשעפט פון דאַמען־הוטן, האָט ער געזען אַראָפּהענגען אַ שנור.

מיט אַ גלאָז האָט ער בליץ־שנעל אָפּגעשניטן אַ שטיקל שנור און געלאָפן צו טערעזען.

— איך האָב שוין, קוק! — האָט ער זיך צעלאַכט. ער האָט אַריינגעלייגט די פּאַפּיראָסן אין קעסטל און זיך אַוועקגעשטעלט נעבן טערעזען.

דער קליינער באַלוש האָט זיך באַליידיקט, וואָס ער האָט נישט געקריגן קיין פּאַפּיראָסן צום האַנדל און ער מוז בלויז שטיין און אָבסערווירן. איז ער אַוועק איבער די גאַסן און געקוקט אויף די שויפענצטער, דערביי געמליאַסקעט מיט דער צונג אויפן אָנבליק פון די פולע פענצטער מיט פּרוכט. פון גיריקייט האָט ער אָנגעהויבן פאָרן מיטן פינגער איבער דער שויב.

— טראָג זיך אָפּ! — האָט אים אַוועקגעיאָגט פון שויפענצטער די באַלעבאָסטע פון אַ געוועלב.

אַ ברוגזער איז באַלוש אַוועק ווייטער, געגאַנגען איבער די גאַסן נישט וויסנדיק וווהין און נאָך וואָס, ביז ער איז אָנגעקומען אויף סאַלעק, אונטער דער פּאָניאַטאָווסקי־בריק. אונטער די געוועלבטע

בויגנס פון דער בריק איז געווען אַ טראַמוויי־סטאַציע, ביי וועלכער עס האָבן זיך געדרייט עטלעכע מענטשן. באַלוש האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן, זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ סלופּ און אָנגעהויבן שטיל, דערנאָך אַלץ העכער און העכער, צו זינגען פּוילישע לידלעך. היות ווי ער האָט געקענט בלויז צוויי: „יאַשאַ קרוווקי גנאַל" („יאַש האָט געטריבן די קיעלעך") און „כלאַפּעק ראַזטראָפּעק" („אַ פּויערל, אַ כיטרער") — האָט ער זיי איבערגעחזרט אָן אַן אויפהער. די מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט אויפן טראַמוויי, האָבן אים צוגעוואָרפן מטבעות.

נאָך מיטאָג איז באַלוש געקומען אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן, אַ שטאָלצער מיט זיינע פאַרדינסטן.

— זעט נאָר, וויפל איך האָב פאַרדינט, — האָט ער זיך גערימט פאַר די עלטערע קינדער.

אויף צו מאָרגנס איז ער ווידער אַוועק אונטער דער בריק. דאָרט האָט ער געטראָפן אַ פינפיאָריק פּויליש מיידעלע, וואָס איז אַרומגעגאַנגען און געבעטלט.

— קום מיט מיר, וועלן מיר צוזאַמען זינגען, — האָט באַלוש איר פאָרגעלייגט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אין איר געזעלשאַפט וועט ער זיין זיכערער.

די קינדער האָבן זיך אָנגענומען ביי די הענט, געשטאַנען ביי דער טראַמוויי־סטאַציע און געזונגען לידלעך, צו דער צופרידנקייט פון די דורכגייער. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט באַלוש באַמערקט, אַז די אַרומיקע פּאָליאַקן קוקן זיך צו צו אים. ער האָט דעריבער צוגערעדט זיין קליינע חברטע זיי זאָלן אָנהייבן זינגען אין די טראַמווייען. פון דאַן אָן זענען זיי געפאָרן מיט די טראַמווייען פון דער ליניע „פּ". מענטשן האָבן רחמנות געהאַט אויף די קליינע פּאַסאַזשירן און געגעבן זיי געלט, עסן. זעלטן־ווען פלעגט אַ קאָנדוקטאָר זיי אַרויסיאָגן פון וואַגאָן.

צו מיטאָג זענען באַלוש און זיין שותפטע אַרויסגעשפּרונגען פון טראַמוויי ביים עק פון טשערניאַקאָווסקע־גאַס. זיי האָבן זיך

אַוועקגעזעצט אויף די ברייטע טרעפּן פון קראַנקן־קאַסע־בנין און געמאַכט צווישן זיך די חלוקה: באַלוש האָט אַרויסגעשלעפּט פון זיין בערעט די געלד־פּאַפּירלעך, אויך דאָס מיידעלע האָט צעוויקלט דאָס אַרויסגעצויגענע פּאַפּיר־געלט פון צעריסענעם מאַנטעלע. באַלוש האָט אויסגעציילט:

— מיר האָבן פאַרדינט דרייסיק זלאָטעס. אָט האָסטו דיין חלק — זי האָט דאָס געלט שנעל פאַרשטעקט אין אירע מאַנטל־באַהעלטענישן.

דורך די ברייטע גלעזערנע טיר פון דער קראַנקן־קאַסע, האָט מען געזען די באַהייצונגס־קאַלאָריפערן פון וואַרטע־צימער. פון דאָרט האָט זיך דערטראָגן אַ וואַרעמע לופט. די קינדער זענען גע־ווען דורכגעפרוירן, האָבן זיי זיך, צוזאַמען מיט די פּאַסאַזשירן וואָס האָבן געוואַרט אויפן טריימוויי, אַריינגעשלייכט אַהין. ס'איז דאָרט געווען מחיהדיק וואַרעם. באַלוש האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן מיידעלע, זיי האָבן זיך צוגעטולעט צו די וואַרעמע רערן.

פאַרבייגייער האָבן באַמערקט די הימלאָזע קינדער און מיט באַ־דויערן געטייטלט אויפן פּאָרל, וואָס איז פון דער וואַרעמקייט איינ־געשלאָפן אין ווינקל. זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט ערשט ווען דער גלאָק פון דער שכנותדיקער גאַזאָוניע האָט הילכיק אָנגעזאָגט דעם סוף פון אַרבעטס־טאָג.

— קום אין גאַזאָוניע, וועסטו דאָרט קריגן זופּ. מיר גיט מען שטענדיק, — האָט דאָס מיידעלע זיך אָנגערופן.

די קינדער זענען אַוועק און געשטעלט זיך אַריינקוקן דורכן אייזערנעם טויער פון דער גאַזאָוניע. אַ פרוי האָט אַרויסגעטראָגן צוויי בלעכלעך מיט זופּ. באַלוש האָט אַ צי געטאָן מיט דער נאָז און דערפילט דעם צוציענדיקן ריח פון אַן אַרבעסזופּ. ער איז צוזאַמען מיטן מיידעלע אַריין אין הויף, זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן, צוגעגאַנגען צו דער קיך. די קליינע האָט אויפגעמאַכט די טיר און אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ.

— קום, קום אַריין, — האָט די באַלעבאָסטע גערופן.

באַלוש איז געבליבן הינטער דער האַלב־געעפנטער טיר.

— און ווער איז דאָס דער? — האָט די קעכין געפרעגט.

— ער איז געקומען מיט מיר, — האָט דאָס מיידעלע געענטפערט.

איינע פון די קיך־העלפעריגס האָט ברייט צעעפנט די טיר און אַריינגעלאָזט דאָס ייִנגל. די קעכין האָט אָנגעגאָסן זופּ אין צוויי שיס־לען און דערלאַנגט די קינדער. זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט אויף דער פּאָדלאָגע און מיט אַפּעטיט געשלונגען דאָס הייסע געקעכטס. זיי האָבן נאָך צובאַקומען צו שטיקלעך ברויט.

ווען די קינדער האָבן זיך אָנגעגעסן צו דער זעט, האָבן זיי געדאַנקט און פאַרלאָזט די קיך. זיי זענען אַרויס אין גאַס. אַ שאַרפער ווינט האָט געיאָגט אין פּנים, אָבער די קינדער האָבן מער נישט געפילט די קעלט.

זיי האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן צו מאָרגנס. באַלוש איז אַוועק אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן.

— פאַר וואָס ביסטו געקומען אַזוי שפּעט? ווו ביסטו געווען דעם גאַנצן טאָג? מיר האָבן שוין געמיינט, אַז מיט דיר איז עפּעס געשען — האָט טערעזע אים געמוסרט.

— איך בין געזעסן אין דער קראַנקן־קאַסע ביים וואַרעמען קאַלאָריפער, — האָט דער קליינער זיך פאַרענטפערט.

— ער האָט שוין ווידער אויסגעטראַכט אַ באָבע־מעשה, — האָט טערעזע געזאָגט צו קולאַסן, וועלכער איז גראָד אָנגעקומען.

דער האַנדל איז ביי טערעזע און קולאַסן זייער גוט געגאַנגען, זיי האָבן זיך שוין געפילט אויפן פּלאַץ, ווי ביי זיך אין דער היים. טאָג־טעגלעך האָבן זיי פאַרדינט צו עטלעכע צענדליק זלאָטעס. אויף מיטאָג זענען זיי געגאַנגען אין ר. ג. אָ. אויף זשוראַוויע־גאַס. זיי פלעגן דאָרט אַריין דורך דער הינטער־טיר און גלייך באַקומען ביי דער קעכין זופּ אין די בלעכלעך. נאָכן אָפּעסן האָבן זיי באַהאַלטן די כּלים אין קוסטעס דערנעבן, און זענען אַוועק צוריק אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן.

אין יענע טעג איז צו זיי צוגעשטאַנען נאָך אַ חבר, דער 17־יאָ־ריקער משה־סטאַשעק [17], אַ באַקאַנטער פון קולאַסן — נאָך פון די שמוגל־צייטן אין געטאָ. ער האָט געהאַט נישט זייער קיין „גוטן אויסזען", אָבער זיין לאַבוסעוואַטער בליק האָט געקאָנט נישט איין „שמאַלצאָווניק" אַריינפירן אין אַ טעות.

די געשיכטע פון דעם יינגל איז געווען אַ באַזונדער אינטערע־סאַנטע. מיט עטלעכע חדשים צוריק איז ער אַנטלאָפן פון געטאָ, אַרומגעוואַלגערט זיך אין גאַס און נישט געפונען אין ערגעץ קיין שוצווינקל. איין מאָל האָבן אים פאַרטשעפּעט צוויי לייטיש־געקליי־דעטע הערן. איינער פון זיי, מונדעק, פון מאַרשאַלקאָווסקע, האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלס אַגענט פון „קריפּאָ" (קרימינאַלפּאָליציי). זיי האָבן גענומען שאַנטאַזשירן דאָס יינגל און געפאָדערט פון אים אַ גרויסע סומע געלט.

— וואָס ווילט איר פון מיר? — האָט סטאַשעק געבעטן און גענומען זיי איבערצייגן, אַז ער פאַרמאָגט גאָרנישט.

— טאָ וויַיז אונדז, וווּ עס געפינען זיך רייכע יידן, וועסטו קריגן אַלץ, וואָס דו וועסט נאָר וועלן. וועסט ווינען ביי אונדז, מיר וועלן דיר געבן צו עסן און ס'וועט דיר גאָרנישט נישט פעלן — האָבן זיי אים צוגעגעבן חשק.

דאָס יינגל האָט נישט געהאַט קיין ברירה און מסכים געווען.

זיי האָבן אים אַוועקגעפירט צו זיך אין וווינונג אויף מאַר־שאַלקאָווסקע־גאַס, אַוועקגעזעצט ביים טיש, וואָס איז געווען אָנגע־שטעלט מיט בראַנפן און פאַרבייסעכצער.

— גיב אים אַ פּאָר לייטישע הויזן, זאָל דער יידלאַק וויסן אַז ער געפינט זיך ביי אַ פּאַן, — האָט מונדעק אַ ריטשע געטאָן צו זיין קאָכאַנקע.

ווען דאָס יינגל האָט געהאַלטן ביים איבערטאָן זיך, זענען אין דער וווינונג אַריינגעקומען צוויי פּוילישע פּאָליציאַנטן. סטאַשעק האָט זיך גענומען טרייסלען פון שרעק.

— האָב נישט קיין מורא, דאָס זענען אונדזעריקע — האָט מונדעק אים באַרויקט און דערנאָך פאַרפירט מיט די פּאָליציאַנטן אַ פאַרטרוילעך געשפּרעך.

נאָך אַ קורצער פּרעסערײַ זענען אַלע אויפגעשטאַנען פון טיש.

— האָסט זיך אָפּגעגעסן, טאָ קום. די הויזן דאַרפסטו זיך פאַר־דינען, — האָט מונדעק זיך אָנגערופן און אָנגענומען סטאַשעקן פאַרן אָרבל.

ער האָט אים אָוועקגעפירט אויף נאָוואָגראָדזקע־גאַס. דאָרט האָבן ביידע זיך אָוועקגעשטעלט ביי דער סטאַציע פון דער קלייך־באַן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די יאַגד. מונדעק האָט אויפמערקזאַם אָבסער־ווירט די אַרייננגייענדיקע אין די וואַגאָנען.

— דו זעסט דאָרט די פּלאַטינענע בלאָנדינקע? דאָס איז מסתמא אַ „קעצל" *, — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו סטאַשעקן — גיי צו צו איר, זאָג איר עטלעכע ווערטער אויף יידיש און קוק איר די גאַנצע צייט גלייך אין די אויגן אַריין.

סטאַשעק האָט אויסגעפירט דעם באַפעל. די פרוי איז בלייך געוואָרן און אירע נערוועזע באַוועגונגען האָבן אויסגעגעבן איר אינערלעכע שרעק. דאָס איז געווען גענוג פאַר מונדעקן. ער איז אַרייַן נאָך דער פרוי אין וואַגאָן און פאַרנומען אַ פּלאַץ נעבן איר. ער האָט זיך געהאַלטן אַבסאָלוט רויק, בלויז פון צייט צו צייט גע־וואָרפן אַ שאַרפן בליק אויף דער בלאָס־געוואָרענער פרוי. ווען זי האָט זיך אָריענטירט, אַז זי געפינט זיך אונטער אַן אָבסערוואַציע, איז זי אויף דער ערשטער סטאַציע אַרויס פון וואַגאָן. אָבער אויך איר פאַרפאָלגער האָט געטאָן דאָס זעלבע. האָט זי צוגעאיילט די טריט, גענומען לויפן. מונדעק האָט זי דעריאָגט.

— אַנטשולדיקט מיר זייער, — האָט ער אָנגעהויבן העפלעך — אפשר וועט איר אַזוי גוט זיין און אַרייננגיין אַ ווײַלע אין טויער?

---

* די שמאַלצאָווניקעס האָבן גערופן אויסבאַהאַלטענע יידן — „קעץ".

— אָבער צו וואָס, פּאַר וואָס? — האָט די פרוי נערוועז געפרעגט.

— אַז איר וועט אריינגיין, וועל איך אייך זאָגן...

— אָבער וועגן וואָס גייט דאָ? זאָגט מיר.

— איר ווילט נישט אַריינגיין אין טויער? — האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן העכער — וועט זיין ערגער. ער האָט געמאַכט עטלעכע טריט אין דער ריכטונג פון זשאַנדאַר, וואָס האָט זיך געדרייט דערנעבן.

— אָבער, מיין הער... — האָט אויסגעשריען די איבערגעשראָ־קענע פרוי. זיי זענען אַריין אין טויער.

— דאַכט זיך, אַז איר אָריענטירט זיך שוין אין וואָס עס גייט, — האָט מונדעק אָנגעהויבן.

— איך בין אַן איינזאַמע פרוי, איך האָב נישט קיין געלט, האָט רחמנות אויף מיר...

— דאָס טויג נישט. אויב אַזוי וועלן מיר אייך מוזן אַוועקפירן אין געסטאַפּאָ און דאָרט — ווייסט איר דאָך וואָס מען טוט...

די פרוי האָט זיך אין גאַנצן געטרייסלט.

— איך האָב בלויז דריי טויזנט. דאָס איז מיין גאַנץ פאַרמעגן, — זי האָט אַרויסגענומען דאָס געלט פון בייטל.

מונדעק האָט באַהאַלטן דאָס געלט אין קעשענע.

— ווייניק — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

— איך האָב אויף אַן אמת נישט מער, לאָזט מיך אָפּ האָט זי זיך געבעטן.

— מיר וועלן קאָנטראָלירן, — האָט דער שאַנטאַזשיסט עזותדיק געענטפערט.

ער האָט אָנגעהויבן „רעווידירן". אַרויסגעשלעפּט פון בייטעלע אַן אייביקע פעדער, אַ פּאָר אַלטמאָדישע אוירינגלעך, געהייסן איר אַראָפּנעמען פון האַנט דאָס גאָלדענע זייגערל, ער האָט נאָך אויס־געטאַפּט די פאַנטאָפל, צי זי האָט נישט אַ מאָל דאָרט עפּעס באַהאַלטן.

— גיט מיר אויך דאָס חתונה־רינגל, דאָס וועט זיין אַ גוטער אָנדענק פון אייער מאַן. אַ דאַנק.

איצט קאָנט איר שוין גיין, — האָט ער געזאָגט נאָכן ענדיקן די רעוויזיע.

די פרוי האָט אויסגעווישט אירע טרערן און אַרויס פון טויער, אַרומקוקנדיק זיך מיט שרעק אין אַלע זייטן.

דאָס איז נישט געווען דער איינציקער קרבן דעם טאָג. און אין אָוונט איז ביי מונדעק אין דירה פאַרגעקומען אַ גרויסע הוליאַנקע. יענעם טאָג איז דער רויב געווען צענדליקער טויזנטער זלאָטעס, אַחוץ פאַרשידענע ווערטפולע זאַכן.

— אַ ירושה נאָך יידן, — האָט מונדעק זיך באַרימט און אָפּ־געלאַכט מיט חוזק.

און צו זיין געליבטער האָט ער געזאָגט:

— און דעם בחור דאַרף מען קויפן אַ פּאָר לייטישע שיך, ער האָט עס כשר פאַרדינט.

אין אַ צייט אַרום, ווען מונדעק האָט שוין צונויפגעשאַרט אַ פּאָר־מעגן און סטאַשעקס הילף איז אים מער נישט נייטיק געווען — ווייל די קרבנות, וואָס מ'האָט איין מאָל געכאַפּט, האָבן אַריינגעבראַכט אַ נאָרמאַלע חודשלעכע הכנסה — האָט דער „שמאַלצאָווניק" באַ־שלאָסן סטאַשעקן צו „ליקווידירן". ער האָט ביי אים צוגענומען דאָס געשענקטע מלבוש און אַראָפּגעצויגן פון אים די שיך. סטאַשעק האָט זיך אָריענטירט, אַז עס דראָט אים אַ געפאַר, און ער איז אַנט־לאָפן פון זיין „באַשיצער".

ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט איבער די גאַסן, ביז ער האָט געטראָפן קולאָסן.

— נאָר נישט משה, איך הייס סטאַשעק, — האָט ער געזאָגט נאָך איידער ער האָט אים באַגריסט.

קולאָס האָט מיטגענומען סטאַשעקן אויפן פלאַץ פון די דריי קרייצן און באַקענט מיט טערעזען. באַלד איז אויך אָנגעקומען באַלוש

און באַטראַכט דעם נייעם גאַסט פון אַלע זייטן, אַריינגעקוקט אים אין די אויגן. טערעזע האָט זיך צעלאַכט.

— וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? — האָט סטאַשעק זיך אויפגעקאָכט.

— קויף אַ צוויי הונדערט פּאַפּיראָסן אויף האָזשע, וועסטו האָבן מיט וואָס צו האַנדלען. פיר אים אַהין, באָלוש, — האָט טערעזע באַפוילן.

מיטאָגצייט איז טערעזע צוגעגאַנגען צו סטאַשעקן. ער האָט זיך געדרייט אויפן פּלאַץ מיט אַ פּעקל פּאַפּיראָסן אין האַנט.

— ווי גייט עס דיר?

— ווי בלוט פון דער נאָז, — האָט ער פויל געענטפערט. ער איז, ווייזט אויס, נישט געווען צופרידן מיט זיין נייער „פּראָפעסיע".

ביי איינעם פון די פּוילישע ייִנגלעך האָט טערעזע זיך דערוווּסט, אַז אין רוזשיצקיס באַזאַר, אין פּראַגע, קאָן מען קויפן ביליקע „ערזאַץ"־פּאַפּיראָסן. זיי האָבן באַשלאָסן צו גיין אַהין און זיך איבערצייגן.

אויף צו מאָרגנס זענען זיי אַוועק אַהין און זיך אַרומגעדרייט צווישן דער גרויסער צאָל ביידלעך. אַלץ האָט מען דאָ געקאָנט קויפן: קאָנפעקציע, שפּילצייג, שוכוואַרג, גראַמאָפאָנען, שפּייזפּראָדוקטן, אַפילו דייטשע מונדירן מיט רעוואָלווערן. זיי האָבן דאָ איינגעקויפט עטלעכע הונדערט פּאַפּיראָסן: „יונאַק", „מעוואַ", „סוואָיאַק", אַלץ נאָכגעמאַכטע, און עטלעכע צענדליק מאָנאָפּאָלפּאַפּיראָסן פאַר די ספּעציעלע קליענטן.

פאַרן אַרויסגיין פון באַזאַר, האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן ביי אַ ביידל מיט אַן אויפשריפט: „מאָלצייטן", „הייסע וואורשטלעך". פון אַ קליינער רער האָט געשלאָגן אַ רויך.

— לאָמיר אַריין עפּעס עסן, — האָט קולאָס פאָרגעשלאָגן.

ביי אַ קליין טישל זענען געזעסן צוויי שיכורע פורמאַנעס. פון

די איבערגעקערטע פלעשלעך האָט נאָך געטריפט דער בראָנפן. הינטערן שמוציקן בופעט איז געשטאַנען די באַלעבאָסטע.

— וואָס ווילט איר? — האָט זי געפרעגט — הייסע וורשטלעך, טיי?

— דאָס און יענץ, דריי פּאָרציעס, — האָט סטאַשעק געענט־פערט, ווי אַן עלטערער און געניטער. — נאָר פאַרגעסט נישט צו געבן מושטאַרדע.

— העי, ממזרים, איר וועט מאַכן אַ כוסה? נו, ציק, שעמט זיך נישט, — האָט איינער פון די שיכורים זיך אָנגערופן.

סטאַשעק האָט אַריינגעגאָסן אַ גלעזל בראָנפן און גלייך האָט זיך אים פאַרדרייט דער קאָפּ.

די פּאַפּיראָסן־הענדלער האָבן אָפּגעגעסן, באַצאָלט און אַוועק אויף „זייער" פּלאַץ. פון דעמאָלט אָן זענען זיי יעדן טאָג געקומען אין רוזשיצקיס באַזאַר, געגעסן דאָרט פרישטיק און באַנייט זייער פּאַפּיראָסן־זאַפּאַס.

# 10

## ביטשעק ווערט דער אָנפירער פון דער „באַנדע"

איגנאַץ — דער אמתער נאָמען פון אונדזער גוט־באַקאַנטן „ביטשעק" — איז דערצויגן געוואָרן אין אַ באַלעבאַטישער אַטמאָס־פער, ווייט פון גאַסן־טומל. אין אָנהייב פון דער „אַקציע" אין יולי 1942, האָט אַ זשאַנדאַר געפּאַקט זיין פאָטער ביים טויער פון געטאָ מיט אַ פּודעלע סאַכאַרין. ער האָט אים דערשאָסן אויפן אָרט. איגנאַץ איז געבליבן דער איינציקער „מאַנספּערזאָן" אין דער פאַמיליע און אויף אים איז געפאַלן דער גאַנצער עול מפרנס צו זיין די משפחה. ער האָט זיך אָנגעהויבן ראַנגלען פאַר זיין לעבן און פאַרן לעבן פון זיין פאַמיליע, און דאָ האָט ער פּלוצלינג אַנטדעקט אין זיך אַן אויסער־געוויינלעכע ענערגיע און דורכגעטריבנקייט. ער האָט זיך פאַרבונדן מיט יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ, און אויסגעטוישט ביי זיי פאַרשידענע „לאַכעס" אויף שפּייז.

איין מאָל האָט מען אים געכאַפּט און געשיקט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. ס'איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פון דאָרט און צוריק אַהיימ־צוקומען. זיין היים האָט ער שוין אָבער געטראָפן ליידיק. זיין מאַמע און דריי שוועסטערס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע. ער איז געבליבן איינזאַם. האָט ער זיך דאַן צוגעשאַרט צו אַ גרופּע יידישע אַרבעטער, וואָס איז אַרויס פון געטאָ אויף אַ פּלאַצוווקע. גאַנצע טעג האָט ער זיך אַרומגעשלייכט צווישן די ברעטער פון „אָמניום" אויף כמיעלנע. אַפילו די נעכט האָט ער פאַרבראַכט צווישן די ברעטער, ווייל ער האָט שוין נישט געהאַט צו וועמען צוריקצוקומען אין געטאָ. ערשט נאָך צוויי וואָכן האָט ער זיך דערוווּסט, אַז זיינס

אַ פּעטער איז געבליבן לעבן און ער האָט אָנגעהויבן צו נעכטיקן ביי אים.

אין מיטן אויגוסט 1942 איז אַ גרופּע פּלאַצוווקע־אַרבעטער, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען איגנאַץ, פאַרהאַלטן געוואָרן ביים געטאָ־טויער דורך אוקראַינער. מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט צום „אומשלאַגפּלאַץ”. אַ דאַנק דער אינטערווענץ פונעם „אָמניום”־דירעקטאָר האָט מען די אַרבעטער באַפרייט. אָבער איגנאַץ האָט נישט געהאַט קיין „אַרבעטס־קאַרטע” און מען האָט אים אַריינגע־טריבן אין וואַגאָן. הינטער זשעלאָנקע האָט דער צוג פאַרלאַנגזאַמט דעם לויף. איגנאַץ האָט נישט לאַנג געטראַכט — ער האָט אויפגע־בראָכן דאָס פענצטערל, אַרויסגעשפּרונגען און זיך אַראָפּגעקייקלט אין ראָוו אַריין. די דייטשן האָבן נאָכגעשאָסן, אָבער נישט געטראָפן. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ שכנותדיקן וואַלד. נאָך אַ טאָג אַרומשלעפּן זיך איז ער צוריקגעקומען קיין וואַרשע, צוריק אַוועק אויף דער „פּלאַצוווקע”. די אַרבעטער האָבן זיך דערפרייט מיט אים, זיי האָבן ליב געקריגן דאָס יינגל. און דאָס אַנטלויפן פון וואַגאָן האָט אים געשאַפן אָנזען אין זייערע אויגן. זיי האָבן באַשלאָסן צו פאַר־זאָרגן אים מיט אַן אַרבעטסקאַרטע. זייט דאַן איז ער געוואָרן אַ פול־באַרעכטיקטער אַרבעטער אויף דער פּלאַצוווקע. ער האָט געהאָלפן אין דער אַרבעט און ביים איינקויפן שפּייז. שנעל האָט ער געוווּנען דעם צוטרוי פון אַלע אַרבעטער אַ דאַנק זיין רירעוודיקייט, מוט און ערלעכקייט. ס׳איז אים געלונגען לייכט אָנצובינדן פאַרשידענע קאָנ־טאַקטן מיט די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן זיך געדרייט ביים אַרבעטס־פּלאַץ און ער איז געוואָרן דער פאַרמיטלער צווישן זיי און די יידישע אַרבעטער.

איינע פון די הענדלערקעס, אַן אַלטיטשקע, מיטן נאָמען יאַנינאַ יאַקובישאַק, האָט געוווינט אויף כמיעלנע. יעדן אין דער פרי פלעגט ער איר געבן צו פאַרקויפן זאַכן, וואָס ער האָט געבראַכט פון געטאָ. פאַר נאַכט האָט ער זיך אָפּגערעכנט מיט איר. ער האָט זיך אויך

באַקענט מיטן לערער טאַדעאוש אידזשיקאָווסקי און ביי אים פּלעגט ער איינקויפן שפּייז. נאָך דער אַרבעט פּלעגן די פּלאַצוווקע־אַרבעטער זיך אומקערן אין געטאָ באַלאָדענע מיט די איינגעקויפטע פּראָדוקטן.

נאָך דער יאַנואַר־אַקציע, ווען די דייטשן האָבן ליקווידירט „אמניום", איז איגנאַץ אַריבער אויף דער פּלאַצוווקע „אָסטבאַן". יעדן טאָג אין דער פרי איז ער אַריבער מיט די אַרבעטער אויף דער אַרישער זייט. די דאָזיקע יידן האָט מען נאָך דערווייל נישט אַרויסגעשיקט, ווייל זיי זענען נאָך געווען „נוצלעך": זיי האָבן אויסגעלאָדן קוילן פון די וואַגאָנען, איבערגעטראָגן פאַרשידענע משאות, פאַרריכט די באַן־ליניעס.

צווישן די פּאַליאַקן, וואָס האָבן געמאַכט געשעפטן מיט די אַרבעטער פון „אָסטבאַן", איז געווען אַ טראַמוויי־אַרבעטער פון דער כמיעלנע־גאַס, וורובלעווסקי. מיט אים האָט איגנאַץ אָנגעהאַלטן ענגע באַציונגען. לכתחילה האָט ער ביים פּאַליאַק אָפּגעקויפט בלויז שפּייז. מיט דער צייט — דאָס איז געווען תחילת 1943 — האָט ער אויך אָנגעהויבן איינקויפן ביי אים, אויף דער רעקאָמענדאַציע פון דער יידישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, רעוואָלווערן. איגנאַץ פלעגט אויסהוילן אַ צוויי קילאָדיקן לאַבן ברויט און אַריינלייגן אַהין אַ „וויסט" אָדער אַ „פּאַראַבעללום", אַזוי אַרום האָט ער אַריינגעפירט דאָס געווער אין געטאָ. דאָרט האָבן דאָס געווער אָפּגענומען די ברידער יאַשינסקי, וואָס האָבן געוווינט אויפן שטח פון האַפּמאַנס שאָפּ אויף נאַוואָליפּקי און זיי האָבן עס שוין איבערגעוויזן דער „אָרגאַניזאַציע". יעדע עטלעכע טעג איז ער געבליבן נעכטיקן ביי דער אַלטער יאַקובישאַק, וווּ עס זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן די ערנסטע טראַנזאַקציעס.

אין דער העלפט מערץ 1943 האָבן די דייטשן קאָשאַרירט די אַרבעטער פון דער פּלאַצוווקע „אָסטבאַן" אין אַ לאַגער אויף אַרמאַטניע־גאַס אין וואָליע. אַלע יידישע אַרבעטער זענען געוואָרן פאַרשפּאַרט אין די באַראַקן, אַרומגעצוימטע מיט שטעכלדראָט, געהיטן

פון אוקראַינער. אויסנוצנדיק אַ גינסטיקע געלעגנהייט איז איגנאַץ אַנטלאָפן פון דאָרט און זיך צייטווייליק באַהאַלטן ביי פרוי יאַקוביר־שאַק. צו לאַנג האָט ער דאָרט נישט געקאָנט פאַרבלייבן, ווייל אַ סך האָבן אים דאָרט געקענט אַלס ייד. די פּוילישע פרוי האָט אים באַקענט מיט אירס אַ פריינד, אַ שוסטער פון גראַכאָוו, ווישניעווסקי. האָט ער אינגאַנצן צוגענומען אַלס געזעלן.

*

עס האָט זיך דערנענטערט פּסח און איגנאַץ האָט געוואָלט אָפּריכטן דעם סדר צוזאַמען מיט זיין פעטער. דעם 17־טן אַפּריל 1943 האָט ער זיך אַריינגעשלייכט אין געטאָ, צווישן אַ גרופּע יידישע אַרבעטער. די געפאַר פון ליקווידאַציע איז שוין געהאָנגען איבערן געטאָ און די וואָס האָבן נאָך דאָרט געלעבט, האָבן זיך געגרייט צום קאַמף.

איגנאַץ האָט זיך געפונען אויפן געביט פון טעבענס שאָפּ און צוזאַמען מיטן פעטער האָט ער זיך אויסגעבויט אַ בונקער און אויס־געגראָבן אַן אונטערערדישן דורכגאַנג צו אַ שכנותדיק הויז. אין צוויי טעג אַרום איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד פון געטאָ.

איגנאַץ איז צוגעשטאַנען צו די קעמפער. ווען ס'איז אויסגע־גאַנגען די אַמוניציע, האָט איגנאַץ זיך באַהאַלטן צוזאַמען מיט דער גרופּע אין בונקער. די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן דאָס הויז און אַזוי אַרום האָבן זיי אַנטדעקט דעם בונקער.

צוזאַמען מיט אַנדערע יידן איז איגנאַץ אַוועקגעטריבן געוואָרן אויפן „אומשלאַגפּלאַץ". מען האָט אים אַריינגעפּאַקט אין אַ וואַגאָן און אַוועקגעפירט אין דער ריכטונג פון לאַגער פּאָניאַטאָוו. אין וואַגאָן האָט זיך איגנאַץ באַקענט מיט אַ 13־יאָריק יינגל פון פּאַריז מיטן נאָמען קאַזשיק. די ייִנגלעך האָבן באַשלאָסן צוזאַמען צו אַנטלויפן. אין נאַלענטשאָוו, ווען מען האָט זיי איבערגעזעצט אויף אַ קליינבאַן, האָט זיך געמאַכט די פּאַסיקע געלעגנהייט. קאַזשיקן

האָט אָבער נישט צוגעשפּילט דאָס מזל: מ׳האָט אים געכאַפּט און צוריק צוגעשטעלט צום טראַנספּאָרט. איגנאַץ דאַקעגן, האָט זיך מיט אומוועגן דערשלאָגן קיין פּולאַוו און פון דאָרט מיט אַ צוג צוריק־געקומען קיין וואַרשע. ער איז אַוועק אויף גראָכאָוו צו יענעם שוס־טער, ביי וועלכן ער האָט פריער געאַרבעט, ווידער געקלאַפּט טשוועקעס אין די אַלטע שיך און פּאַנטאָפל.

איין מאָל, אין מאַי, ווען ער איז געפאָרן מיטן טראַמוויי אויף אַלעע־וואַשינגטאָן, האָט ער זיך באַגעגנט מיט אידזשיקאָווסקין, מיט וועלכן ער האָט געהאַנדלט ביים „אַמניום״. זיי זענען צוזאַמען אַרויס פון טראַמוויי. דער פּאַליאַק האָט זיך זייער אינטערעסירט מיט זיינע איבערלעבונגען. אויסגעפרעגט אים וואָס ער טוט און צי ער בייטיקט זיך נישט עפּעס. דאָס יינגל האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער בייטיקט זיך אין דאָקומענטן, ווייל אָן דעם איז שווער זיך צו רירן, צוליב די אָפּטע אַבלאַוועס אין שטאָט. אידזשיקאָווסקי האָט אים צוגעזאָגט צו העלפן. אין אַ וואָך אַרום האָט ער אים געבראַכט אַ פאַלשע שול־לעגיטימאַציע. דאָס איז געווען דאָס איינציקע פּאַפּירל, מיט וועלכן איגנאַץ האָט זיך געקאָנט לעגיטימירן אין אַ נויט.

אָנהייב יוני האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן אַ בלאָקאַדע, וועגן אַלגעמיינע רעוויזיעס אויף צו געפינען די אויסבאַהאַלטענע יידן. עס איז געוואָרן אַ פּאַניק. דער שוסטער, ביי וועמען איגנאַץ האָט געאַרבעט, האָט מורא געהאַט אים ווייטער אויסצובאַהאַלטן.

האָט ער זיך דאַן געוואָנדן נאָך הילף צו אידזשיקאָווסקין און יענער האָט אים באַשעפטיקט ביי זיך אין געוועלב, אין מיכאַלין הינטער וואַרשע, אַלס שיק־יינגל. בייטאָג האָט ער דערליידיקט פאַרשידענע שליחותן און ביינאַכט אָפּגעהיטן דאָס געוועלב, שלאָפנדיק דאָרט אויף אַן אויסלייג־בעטל.

אין אַ געוויסן טאָג איז ער געפאָרן קיין וואַרשע איינקויפן פּראָ־דוקטן. ס׳האָט זיך אים עפּעס נישט געגלוסט צו פאָרן, ער האָט אָבער נישט געקאָנט אָפּזאָגן אידזשיקאָווסקין. ער האָט געהאַט אַ שלעכט

געפיל. גייענדיק אויפן פּלאַץ שעמבעק, האָט ער פּלוצלונג דערהערט:
— יודע! גיב געלט!...

דאָס ייִנגל האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און דערזען צוויי שמאַל־צאַוויקעס, וואָס זענען אים געווען באַקאַנט.

— דו גיסט געלט, אָדער נישט? זע, זשאַנדאַרן גייען! — האָבן זיי געדראָט.

איגנאַץ האָט געוואָרפן אַ בליק אין דער זייט: עס האָט זיך באמת דערנענטערט אַ זשאַנדאַר. האָט ער אָנגעהויבן צו אַנטלויפן און די שמאַלצאָווניקעס — נאָך אים.

— כאַפּט אַ ייִד! — האָבן זיי געשריגן.

אויף דער גאַס איז געוואָרן אַן אָנגעלויף. דאָס פּעקל, וואָס איג־נאַץ האָט געטראָגן, האָט זיך אים אַרויסגערוקט פון אונטערן אָרעם און געפאַלן אויף דער ערד. ער איז געלאָפן מיט די לעצטע כוחות און באַמערקט פאַרן די קליינבאַן קיין קאַרטשעוו. נישט האָבנדיק וואָס צו פאַרלירן, איז ער אַריינגעשפּרונגען אין פולן לויף. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אין קאַנט פון טרעפּל און זיך איבערגעקערט אויפן בריקל פון וואַגאָן. דער וויטיק איז געווען אַן אומבערחמנות־דיקער, דער פוס האָט געבלוטיקט. ער האָט אָבער מורא געהאַט, אַז מ׳וועט אים נאָכיאָגן, איז ער אַרויסגעשטיגן אויף דער נאָענטסטער סטאַציע מיט דער הילף פון די פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן זיך נישט אָנגעשטויסן וואָס ס׳איז פּאַרגעקומען. אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, האָט ער זיך דערשלעפּט צו דער באַן־סטאַציע אין וואַווער. ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף זיינע פיס. אַן אַדורכפאָרנדיקע פור האָט אים אָפּגעפירט קיין גראָכאָוו צו זיין באַקאַנטן שוסטער. ווישניעווסקי האָט אים געוואָלט אויפנעמען, אָבער דאָס ווייב זיינס האָט זיך דער־שראָקן פאַר איגנאַצס נעבעכדיקן אויסזען, האָט זי זיך קאַטעגאָריש אַנטקעגנגעשטעלט. ער איז געלעגן אויף דרערד און געבעטן מען זאָל זיך מרחם זיין אויף אים. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב זיי וועלן אים נישט אויפנעמען, איז ער פאַרלוירן. סוף כל סוף האָט דעם שוס־

טערס מיינונג איבערגעוויגן: מ׳האָט דעם בחור באַהאַלטן אויפן בוידעם. דאָרט איז ער געלעגן צוויי טעג אין שרעקלעכע ווייטיקן. ער האָט זיך געבעטן מען זאָל ברענגען אַ דאָקטער, אָבער ווישניעווסקי האָט מורא געהאַט. נישט קאָנענדיק אַריבערטראָגן מער די יסורים, האָט איגנאַץ ממש געוויינט, אַז מ׳זאָל אים אַוועקפירן צו אַ באַקאַנטער דאָקטאָרין אויף סאַסנאָווע. ווישניעווסקי האָט געדונגען אַ דאָראָזשקע, אים אָפּגעפירט ביז צו דער טיר פון דער דאָקטאָרין און איז אַליין וואָס גיכער נעלם געוואָרן. איגנאַץ האָט אָנגעקלאַפּט, די טיר האָט זיך געעפנט און זיך באַלד צוריק פאַרהאַקט. האָט ער ווידער געקלאַפּט. די טיר האָט זיך נאָך אַ מאָל געעפנט און די דאָקטאָרין, אַ בלאַסע, ווייל זי האָט אים דערקענט, האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן, אַז זי קאָן אים נישט אויפנעמען ווייל מען קאָן זי מסרן, אַז זי היילט יידן. ער האָט אָבער געטענהט, אַז ער האָט נישט קיין אַנדערן אויסוועג, האָט זי אים סוף כל סוף אַריינגעצויגן צו זיך. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז געפּלאַצט ביי אים דער ביין פון לינקן פוס און ער האָט אַ טיפע ווונד אין קנעכל. זי האָט אים געמאַכט אַ באַנדאַזש און פּראָוויזאָריש פאַרשטייפט, און צו מאָרגנס האָט זי אים דעם פוס פאַרגיפּסירט. די ווונד האָט שטאַרק געאייטערט און זי האָט אים יעדן טאָג געביטן דעם באַנדאַזש. קיינער האָט נישט געוווסט וועגן זיין עקזיסטענץ.

אין אַ וואָך אַרום איז צו דער דאָקטאָרין געקומען דער קאָמענדאַנט פון אָ. פּ. ל.* און איר פאָרגעוואָרפן, אַז זי באַהאַלט אויס יידן. די דאָקטאָרין האָט אָפּגעלייקנט. ער האָט געוואָלט מאַכן אַ רעוויזיע, אָבער זי האָט נישט דערלויבט. איז ער אַוועק, דראָענדיק, אַז ער וועט זיך אומקערן מיט אַ פּאָליציאַנט. ס׳איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק אין דער וווינונג. עטלעכע מענטשן זענען געלאָפן פון צימער צו צימער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער דירה

---

* ציווילע לופט־פאַרטיידיקונג.

האָבן זיך געפונען נאָך עטלעכע יידן. פאַר טאָג האָבן אַלע געמוזט אַנטלויפן. איגנאַץ האָט געדאַנקט דער דאָקטאָרין פאַר דער הילף און פאַרלאָזט די וווינונג. ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. מיטן טראַמוויי איז ער אַוועקגעפאָרן צו ווישניעוווסקין. דאָרט איז ער איבערגעלעגן נאָך דריי טעג און דערנאָך זיך אומגעקערט אין געוועלב קיין מיכאַלין.

די אידזשיקאָווסקיס זענען געווען איבערראַשט, ווי ער וואָלט אויפגעשטאַנען תחיית־המתים. זיי האָבן אים געמאַכט אַ באַנדאַזש און דערלויבט צו בלייבן אין דער וווינונג נאָך עטלעכע טעג — ווייל דאָס אויסלייג־בעטל און די „פּאָסטן" אין געוועלב זענען אָבער שוין געווען פאַרנומען פון אַן אַנדער שיקיינגל.

איגנאַץ האָט זיך איצט געווידמעט אין נייע פּרנסה־קוואַלן. ער איז אַוועק קיין וואַרשע זוכן עפּעס אַן אַרבעט, ער האָט אָבער נישט געוווסט פון וואָס אָנצוהייבן.

איין מאָל, סוף סעפּטעמבער 1943, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין רוזשיצקיס באַזאַר אויף „אונדזערע" פּאַפּיראָסן־הענדלער. טערעזע איז געשטאַנען ביי אַביידל און גענומען פּאַפּיראָסן, קולאַס האָט געציילט געלט. פּלוצלינג האָט אים עמעצער לייכט אַ שטופּ געטאָן ביי דער זייט. ער האָט זיך פאַרזיכטיק אומגעקוקט און דערזען ביטשעקן, זייער באַשיצער פון „אַמניום". פון גרויס געררטקייט האָט טערעזע אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט אַ פּעקל פּאַפּיראָסן. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן קושן. מענטשן האָבן זיך איינגעקוקט נייגעריק.

קולאַס האָט שנעל באַצאָלט פאַר די פּאַפּיראָסן און זיי זענען אַלע אַריין אין אַ הויז אויף זייטיקע טרעפּ.

— וואָס טוט איר, פון וואָס לעבט איר? — האָט ביטשעק געפרעגט.

— מיר האַנדלען מיט פּאַפּיראָסן אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן. מיר זענען איצט מער, אויך באַלוש איז דאָ...

— באַלוש? — האָט ביטשעק איבערגעחזרט מיט וויכקייט.

— קום אויפן פּלאַץ, וועסטו אים אַליין זען, — האָט קולאַס פאַרגעלייגט.

ביים קלויסטער פון הייליקן אַלעקסאַנדער האָט זיך אַרומגעדרייט סטאַשעק. ביטשעק האָט זיך באַקענט מיט אים.

— און ווו איז באַלוש? — האָט ער כסדר געפרעגט.

גראָד איז אַדורכגעפאָרן אַ טראַמוויי „פּ“. טערעזע און ביטשעק זענען אַריינגעשפּרונגען. זיי האָבן געהאַט מזל — אינעווייניק איז געשטאַנען באַלוש מיט זיין קליינער חברטע. אָנגעטאָן איז ער געווען אין דעם אַמאָליקן צעריסענעם פוטערל, אַרומגעבונדן מיט אַ בענדל. דאָס מיידל איז געווען אַ ביסל בעסער אָנגעטאָן. זיי האָבן ביידע געזונגען.

ביטשעק האָט געקוקט אויף באַלושן און די אויגן האָבן אים



„ביטשעק“. פאָט. 1944



באַלוש. פאָט. 1944

געלויכטן פון פרייד. ער האָט געוואָלט צוגיין צו אים, אָבער טערעזע האָט אים צוריקגעהאַלטן:

— שפּרינג אַרויס, וואַרט אויף דער גאַס, איך וועל אים אַרויסרופן.

זי האָט אומבאַמערקט אַנגערירט דעם קליינעם:

— ביטשעק איז דאָ, דער פון דער פּלאַצווקע אויף כמיעלנע.

באַלוש האָט איבערגעלאָזט די שותפטע אין טראַמוויי און אַרויסגעשפּרונגען, אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך געקושט מיט ביטשעקן.

— ווו ביסטו געווען די גאַנצע צייט? — האָט באַלוש שיער נישט געוויינט פון געריריטקייט. — אָבער וועסט בלייבן מיט אונדז, אויפן פּלאַץ?

— יאָ, יאָ, איך בלייב. איך וועל האַנדלען צוזאַמען מיט אייך — האָט אים ביטשעק באַרויקט.

ביטשעקס אָנקום אויפן פּלאַץ איז געווען אַן איבערברוך אינעם לעבן פון די קינדער. זיי האָבן אים גוט געדענקט פון דער כמיעלנע־גאַס, ווו ער האָט זיי געהאָלפן. אין זייערע אויגן איז ער שוין געווען אַ דערוואַקסענער, איז ער טאַקע גלייך געוואָרן זייער ראַטגעבער און אָנפירער.

# 11

## אויף דער אַנטרעסאָלע

מיטאָגצייט זענען אַלע געגאַנגען אין דער קיך פון ר. ג. אָ. אויף זשוראַוויע־גאַס. אין אָוונט זענען זיי אַוועק שלאָפן צו דער „באַב־טשע" אויף קרוטשע־גאַס. זי האָט צוגעשטעלט אַ לייטער צו דער אַנטרעסאָלע. די טאָכטער, ווי געוויינלעך, איז געשטאַנען ביי דער לייטער און גענומען פון יעדן קינד אַ זלאָטע, „אויף פּראָשקעס צו קאָפּווייטיק", — ווי זי האָט געזאָגט.

די קינדער האָבן זיך געלייגט אויף די שמאַטעס, די פליי און וואַנצן האָבן נישט געלאָזט רוען.

אויף צו מאָרגנס אין דער פרי איז צו דער „באַבטשע" גע־קומען דער געגנטלעכער פּאָליציאַנט, כדי צו קאָנטראָלירן דאָס מעלדונג־בוך. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער וווינונג:

— און ווער זענען דאָס די קינדער אין דער הייך?

— דאָס זענען מיינע אייניקלעך, פּאַניע וולאַדזאָ *.

דער פּאָליציאַנט האָט קאָנטראָלירט דאָס מעלדונג־בוך, נאָ־טירט עפּעס.

— רייך זאָל מיר זיין אין גאַס, אַז נישט וועל איך אייך באַ־שטראָפן, — האָט ער געזאָגט אַרויסגייענדיק.

די קינדער, וועלכע האָבן זיך איבערגעשראָקן צוליב דעם אומ־געריכטן וויזיט, האָבן שנעל פאַרלאָזט דאָס געלעגער. אין משך פון אַ האַלבער שעה איז דאָס גאַנצע געזינדל שוין געווען אין

* „וולאַדזאָ" — מאַכט. אַזוי האָבן פּאָלקס־מענטשן גערופן פּאָליציאַנטן.

רוזשיצקיס באַזאַר, איינגעקויפט פּאַפּיראָסן, געגעסן פרישטיק און אַוועק אויפן פּלאַץ.

מיטאָגצייט האָבן זיך באַוויזן די שוועסטערס מאַרישע און סטעפּטשע. זיי זענען געווען פאַרצווייפלט.

— וואָס איז געשען ? — האָט טערעזע געפרעגט.

— מיר זענען געקומען זיך געזעגענען מיט אייך, — האָט מאַרישע געזאָגט מיט אַ וויינענדיקער שטים. אונדזער „מעטע" איז ווידער אַדורכגעפאַלן. מיר קאָנען שוין מער נישט אויסהאַלטן. אַ שאָד וואָס מיר זענען נישט אומגעקומען אין געטאָ...

— סיי ווי וועט קיינער נאָך אונדז נישט וויינען... — האָט סטעפּטשע צוגעגעבן.

— איר האָט אַזוי פיל געליטן און איבערגעלעבט. און איצט אַז די מלחמה דאַרף זיך אין גיכן ענדיקן... קומט מיט אונדז צו דער „באַבטשע", מיר וועלן זיך אַן עצה געבן, האָט זיי טערעזע געטרייסט.

אָבער מאַרישע און סטעפּטשע, פאַרצווייפלטע, האָבן זיך נישט געלאָזט איבערצייגן. זיי האָבן זיך געזעגנט און זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון אַלעע־יעראָזאָלימסקע. עטלעכע שעה האָבן זיי זיך געדרייט אָן אַ ציל, זיך דערמאָנט די ערטער און די לאָקאַלן ווו זיי האָבן געוווינט, די הייזער, ווו זיי האָבן געגעכטיקט און די מענטשן, אויף וועלכע זיי האָבן זיך לעצטנס אָנגעשטויסן. ענדלעך זענען זיי צוגעקומען צו אַ הויכער, פינפשטאָקיקער מויער. זיי האָבן גענוי באַטראַכט די מויער און אָן ווערטער זענען זיי אַריין אין טויער, אַרויף אויפן סאַמע העכסטן שטאָק און זיך צוגעזעצט ביים פענצ־טער, וואָס גייט אַרויס אויפן הויף. מאַרישע איז אויסגעבראָכן מיט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין און געוואָרפן זיך צום פּאַראַפּעט ; סטעפּטשע האָט זי אָנגעכאַפּט פאַרן קליידל :

— איך וויל זיין די ערשטע !

דער גריליץ פון אַ גפעפנטער טיר האָט איבערגעריסן זייער

אַמפּערניש. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף די שטיגן און האַלב וויינענדיק אָנגעהויבן אונטערברומען אַ לידל נאָך אַ לידל, ביז אַ לאָקאַטאָר האָט זיי אַראָפּגעיאָגט פון די שטיגן. זיי זענען אַרויס אין גאַס.

— אפשר זאָלן מיר פאָרן קיין לובלין? אונדזער אַלטע (די ביז־איצטיקע באַלעבאָסטע) האָט דאָרט קרובים — איז מאַרישען איינ־געפאַלן.

— מיר וועלן איבערנעכטיקן ביי דער „באַבטשע" און מאָרגן אין דער פרי וועלן מיר אַוועקפאָרן.

אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן האָבן די פּאַפּיראָסן־הענדלער זיך שוין געקליבן צו גיין נעכטיקן. זיי האָבן אַרומגערינגלט מאַ־רישען און סטעפּטשען באַמיט זיך אויפצוהייטערן די אומעטיקע מיידלעך.

— הערט מיך אויס, — האָט ביטשעק זיך אָנגערופן, — איך וועל אַוועק צו מיין לערער אין גראָכאָוו, אפשר וועל איך דאָרטן קאָנען איבערנעכטיקן. ביי דער „באַבטשע" איז שוין נישטאָ קיין אָרט, חוץ דעם איז דאָרט זייער שמוציק.

ביטשעק איז אַריין אין טראַמוויי און אַוועקגעפאָרן צו אידזשי־קאָווסקין. דער לערער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין גרויס חשק אויפצונעמען דעם בחור. ערשט ווען ער האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער וועט אַוועקגיין באַלד אין דער פרי און אומקערן זיך אין אָוונט — האָט ער מסכים געווען צו געבן אים אַ נאַכטלעגער אויף עטלעכע טעג.

די איבעריקע קינדער זענען אַוועק צו דער „באַבטשע", — נו גיט אַהער צו זלאָטע. העי, דו האָסט נישט געגעבן — האָט די טאָכטער געשריגן צו דער קליינער סטעפּטשע.

באַלוש האָט משתין געווען אין דער שיסל אַריין (זלעוו), פּונקט ווען די „באַבטשע" האָט זיך גראָד דערנענטערט:

— אָ, מאַניע, זע נאַר, דער איז דאָך אַ זשידעק — האָט די אַלטע אַ געשריי געטאָן.

באַלוש האָט געלייקנט.

— טאָ וויז, ווען דו זאָגסט אַז נישט.

דער קליינער האָט זיך געוועדט און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער שעמט זיך.

— אַהאַ, איר זענט מסתמא אַלע יידעלעך! — האָט די „באַב־טשע" געשריגן — טראָגט זיך אַרויס! אָבער שוין די מינוט! צוליב אייך וועט מען נאָך מיך דערהרגענען.

קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. די משוגענע טאָכטער האָט זיך ווייטער געשפּילט מיט די קראָליקעס אויפן טאַפּטשאַן, ווי קיין מאָל גאָרנישט.

— טראָגט זיך אַרויס פון דאַנען, איר האָט מיך אָפּגענאַרט, איר האָט באַלד געדאַרפט זאָגן, אַז איר זענט יידן!

— באַבטשע, מיר האָבן נישט וווהין צו גיין, — האָט טערעזע געבעטן.

— דאָס גייט מיך נישט אָן, אַרויס פון דאַנען!

מיר האָבן אייך נישט געוואָלט אָפּנאַרן. די באַבטשע וואָלט דאָך אונדז נישט אַריינגעלאָזט ווען זי וואָלט געוווּסט ווער מיר זענען, — האָט קולאַס זיך פאַרענטפערט.

— שטופּט איר אַריין אַ פּאָר זלאָטעס אין יד אַריין, וועט זי זיך באַרויקן — האָט מאַרישע שטיל זיך אָנגערופן.

קולאַס האָט אַריינגעשטופּט דער „באַבטשע" אין קעשענע צען זלאָטעס. זי האָט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו די קינדער און באַקוקט דעם באַנקנאָט.

— ניין, גייט וווהין איר ווילט. איך וויל אייך דאָ נישט האַלטן, עמעצער קאָן מיך נאָך מסרן, — האָט די אַלטע געזאָגט שוין אַ ביסל מילדער.

— באַבטשע, קיינער וועט נישט זאָגן. און אויב עמעצער וועט

זאָגן וואָס מ׳דאַרף נישט, וועט מען אים אויסענדיקן, — האָט געזאָגט קולאָס און איז אַליין געוואָרן איבערראַשט פון זיינע ווערטער.

די „באַבטשע״ האָט מיט שטוינונג געקוקט אויף די קינדער: וואָס הייסט דאָס „אויסענדיקן״?

— יאָ, באַבטשע, יידן מיט רעוואָלווערן גייען אַרום אין שטאָט און ענדיקן אויס יעדן איינעם וואָס מסרט. זיי האָבן אַפילו קוילבוואַרפער, — האָט די כיטרע סטעפּטשע צוגעגעבן.

— טייערע קינדער, איך קאָן נישט, איך האָב מורא. דער פּאָליציאַנט האָט זיך שוין געפרעגט אויף אייך.

— אָבער באַבטשע, ס׳איז שוין שפּעט און מיר האָבן נישט ווּהין צו גיין, — האָט טערעזע ווייטער געבעטן.

די באַבטשע האָט אַ ווײַלע געטראַכט.

— גוט, היינט קאָנט איר בלייבן, אָבער מאָרגן מוזט איר זיך זוכן אַן אַנדער אָרט. און איצט לייגט זיך שלאָפן, — האָט זי געזאָגט.

אויף צו מאָרגנס זענען די קינדער אַוועק שלאָפן אין די חורבות פון אַ פאַרברענט הויז. עס זענען אָבער אַוועק אייניקע טעג, און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די רעגנס, די קעלט האָט אַלץ שטאַרקער געפּייניקט. ס׳איז אוממעגלעך געוואָרן ווייטער צו נעכטיקן אין די חורבות. די קינדער האָבן באַשלאָסן פּרוּוון ווידער זייער מזל ביי דער „באַבטשע״.

— וואָס ווילט איר ווידער? — האָט די אַלטע מיט אומרו געפרעגט.

— מיר האָבן נישט ווּ צו שלאָפן. זאָל אונדז די באַבטשע אַריינלאָזן אויף עטלעכע טעג. אין גיכן וועט די מלחמה זיך ענדיקן — האָט טערעזע געבעטן אין אַלעמענס נאָמען.

— די רוסן זענען שוין נישט ווייט — האָט קולאָס אַריינגעוואָרפן. — אַז זיי וועלן קומען, וועט די באַבטשע קריגן דערפאַר אַ גוטע באַלוינונג.

— ס׳איז מיר קאַלט — האָט דער קלענער באָלוש כסדר

איבערגעחזרט און געהויכט אין די הענט אריין, וואָס זענען געוואָרן בלאָ פון קעלט.

— מיר ווילן געבן צו פינף זלאָטעס פון אַ קאָפּ — האָט קולאַס זיך אָנגערופן מיט אַ זאַכלעכן טאָן.

— צו פינף זלאָטעס, פינף זלאָטעס — האָט די אַלטע געמרוטשעט אונטער דער נאָז. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו דער טאָכטער, וואָס איז געווען פאַרנומען מיט אַ קראַליק, וועלכן זי האָט געלערנט טאַנצן.

— זיי גיבן פינף זלאָטעס פון אַ קאָפּ.

— ווער? — האָט אַ דערשראָקענע, די משוגענע זיך צע־שריגן. באַלד אָבער האָט זי זיך עפּעס וואָס אָנגעשטויסן און איז שנעל צוגעלאָפן צו דער לייטער. זי האָט מיט חשד געקוקט אויף די קינדער און אויסגעצויגן די האַנט.

— נו, צו זלאָטע אויף פּראָשקעס, — האָט זי זיך געוואָנדן צו באַלושן, וואָס איז געשטאַנען צו נאָענטסטן. דאָס ייִנגל האָט איר צוגעוואָרפן אַן איינציקע זלאָטע און איז שנעל אַרויפגעקראָכן אין דער הייך. טערעזע, סטאַשעק און קולאַס האָבן געטאָן דאָס זעלבע.

— נו, וואָס איז דאָס! און פאַר מיר ווו איז דאָס געלט?! קריכט אַראָפּ די מינוט! — האָט די „באַבטשע" געשריגן.

קולאַס האָט צונויפגענומען צו פינף זלאָטעס פון יעדן און אַראָפּגעטראָגן אונטן. די אַלטע האָט באַקוקט דאָס געלט און באַהאַלטן עס אין בוזעם.

— לייגט זיך שלאָפן שלימזלען, און מאַכט נישט קיין טומל, קיינער זאָל נישט הערן, מיין גאָט, — האָט זי געזאָגט מיט אַ שמץ מיטגעפיל פאַר די קליינע „סובלאָקאַטאָרן", וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט אָפּטשעפּען פון איר. זי האָט אַנידערגעקניט אונטער דער פיגור פון דער „מאַטקע באָסקע" און לענגער ווי תמיד מתפלל געווען דעם אָוונט פאַרן שלאָפנגיין.

צו מאָרגנס אין דער פרי זענען די קינדער, ווי שטענדיק, געפאָרן קיין פּראַגע, אין רוזשיצקיס באַזאַר. ביטשעק, וואָס האָט זיך נישט געהאַט געוויזן אין משך פון עטלעכע טעג, האָט שוין געוואַרט פאַרן טויער. די קינדער האָבן אים דערציילט וועגן זייערע פאַרגאַנגענע דאגות און וועגן דער נייער פאַרשטענדיקונג מיט דער „באַבטשע".

— און ווי איז באַלוש? — האָט ביטשעק געפרעגט.

— מ׳זעט אים ווידער נישט פון אין דער פרי אָן. מסתמא זיצט ער ערגעץ ווו ביי אַ וואַרעמען קאַלאָריפער, — האָט קולאַס געענטפערט מיט אַ געלעכטער.

— האָב נישט קיין מורא, ער איז אַ צוואַניאַק, ער וועט זיך נישט לאָזן טאָן קיין עוולה. ער מאַכט געשעפטן אויף פּאַווישליע, — האָט טערעזע געזאָגט.

זיי זענען אַלע פיר אַוועק אין דער קיך אויף זשוראַוויע־גאַס.

— וואָס אַ מאָל ווערט איר אַלץ מערער, ס׳וועט שוין באַלד נישט סטייען פאַר אייך קיין זופּ — האָט די קעכין זיך געוויצלט.

— אַז מיר וועלן לייטיש פאַרדינען, וועלן מיר אַוודאי אויפהערן צו זשלאָקען אייער שמוציק וואַסער — האָט סטאַשעק געענטפערט מיט אַ שטאָך.

— פון ווען אָן ביסטו דאָס אַזוי קלוג ? קוקט אים נאָר אָן ! — האָט די אויפזעערין אים געמוסרט.

די קינדער זענען בייז געוואָרן אויף סטאַשעקן. זיי האָבן זיך אַוועקגעדרייט פון אים און געגעסן באַזונדער.

# 12

## דער „קוואַרטעט" פון סאַסקע־קעמפּע

נאָך דער „אַקציע" פון אויגוסט 1942 זענען די ברידער פּאַוועל און זענעק געבליבן אַליין. די יינגלעך האָבן נישט איין מאָל זיך אויסגעדרייט פון בלאָקאַדעס אין געטאָ, ביז זיי האָבן באַשלאָסן אַרויסצוקריגן זיך אויף דער „אַרישער זייט". זיי האָבן אויסגענוצט אַ גינסטיקע געלעגנהייט ביי דער „וואַך" און אַרויס פון געטאָ צוזאַמען מיט „פּלאַצוווקע"־אַרבעטער. גאַנצע טעג האָבן זיי זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער שטאָט, געזונגען אויף די הייף און אַזוי אַרום פאַרדינט אויפן לעבן. מיטן עסן האָבן זיי ווי עס איז זיך אַן עצה געגעבן, ערגער איז געווען מיטן שלאָפן. יעדן אָוונט האָט זיך פאַר זיי געשטעלט די שאלה וווּ צו געפינען אַ נאַכטלעגער.

איין מאָל, ווען זיי זענען געלעגן צונויפגעקוליעט פון קעלט אויף אַ בוידעם, עק סאַסקע־קעמפּע און אַלעע וואַשינגטאָן, האָט אַ לאָקאַטאָר דערהערט אַ פאַרדעכטיק גערויש איבער זיך און האָט צו וויסן געטאָן דעם הויזוועכטער. מיט אַ לעמפּל אין האַנט איז דער הויזוועכטער אַרויף אויפן בוידעם און אַריינגעלויכטן די יינגלעך גלייך אין די אויגן אריין. איבערגעשראָקענע, האָבן זיי זיך אויפגעריסן פון שלאָף.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָט דער הויזוועכטער געפרעגט.

— מיר זענען פון „פּאַלוס" *, מיר האָבן זיך פאַרשפּעטיקט דאָרט אויף נאַכטלעגער, — האָבן זיי אַרויסגעשטאַמלט.

---

* נאַכטאַזיל פאַר היימלאָזע.

— איר זענט זיכער געקומען גנבענען וועש. איך קען אייך — האָט דער הויזוועכטער גענומען דערלאַנגען די יינגלעך מיט אַ שטעקן.

זענעק האָט זיך שנעל אַראָפּגעגליטשט איבער דער טרעפּ־באַלוסטראַדע, פּאַוועל האָט אים נאָכגעטאָן. זיי זענען שנעל צוגעלאָפן צום טויער, וואָס איז אָבער געווען פאַרמאַכט. דער הויזוועכטער האָט זיי דעריאָגט און נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ. זענען זיי צוגעשפּרונגען צו אַ הילצערנעם פּאַרקאַן, זיך אַרויפגעדראַפּעט אין דער הויך. דער יינגערער, זענעק, האָט צוגעהאָלפן דעם עלטערן שוואַכערן ברודער.

— גנבימלעך! איר וועט מיך האָבן צו געדענקען! — האָט דער הויזוועכטער געשריגן, אָבער איידער ער האָט זיי דעריאָגט, האָבן זיי שוין באַוויזן אַריבערצושפּרינגען דעם פּאַרקאַן און אַריין אין דערבייאיקן קאָרן. אין דער תבואה זענען זיי געזעסן און האָבן געדרימלט ביז אין דער פרי. זיי האָבן שוין געהאַט בדעה אַרויס־צוקריגן זיך אויף דער גאַס, אָבער, ווי אויף צו להכעיס, האָט אַ גרופּע אַרבעטער פּאַרריכט דעם ברוק אויף אַלעע וואַשינגטאָן. זיי האָבן נישט געוווּסט ווער דאָס איז, עס האָט זיך זיי געדוכט, אַז דאָס שפּירט מען זיי נאָך. אין יעדן פאַרבייגייער האָבן זיי געזען אַ שפּיצל, וואָס וויל זיי פאַרכאַפּן און איבערגעבן די זשאַנדאַרן.

— לאָמיר זיך צעלויפן, — האָט פּאַוועל פאָרגעלייגט. — דו וועסט אַנטלויפן אין דער זייט פון סאַסקע־קעמפּע און איך קיין גראָכאָוו. אפשר וועט כאָטש איינער פון אונדז זיך ראַטעווען...

זיי זענען אַרויסגעשפּרונגען פון קאָרן און צעלאָפן זיך אין פאַרשידענע זייטן. די אַרבעטער האָבן געקוקט מיט פאַרווונדערונג און נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס די יינגלעך לויפן.

אין אַ שעה אַרום האָבן די ברידער זיך געטראָפן אין די גרינס־גערטנדלעך צווישן סאַסקע־קעמפּע און גראָכאָוו.

— זיי האָבן מיך בכלל נישט נאָכגעיאָגט — האָט זענעק אָנגעהויבן, באַמיענדיק זיך אַרויסצוברענגען אַ שמייכל.

— און איך, אַז איך האָב זיך אומגעקוקט און קיינעם נישט געזען, האָב איך געמיינט, אַז זיי לויפן דיר נאָך, — האָט פּאַוועל געזאָגט.

— נו, גוט, דער עיקר: מיר האָבן זיך אַרויסגעדרייט, — האָט זענעק איבערגעריסן. — קום, אַ שאָד די צייט. מ׳דאַרף עפּעס פאַרדינען.

זיי זענען אַריין אין אַ הויף און אָנגעהויבן צו זינגען. פון עטלעכע פענצטער האָט מען אַרויסגעוואָרפן מטבעות, איינגעוויקלטע אין פּאַפּירלעך.

— מיר האָבן שוין אַ צענערל — האָט זענעק זיך אָנגערופן מיט ביטול, ווען זיי זענען צוריק אַרויס אין גאַס. אַריינקוקנדיק אין אַ דערבייאיקן טויער, האָבן זיי דערזען אין מיטן הויף אויך אַנדערע צוויי יינגלעך, וואָס זענען געשטאַנען און געזונגען.

— וויפל האָט איר געמאַכט? — האָט זענעק פאַרטשעפּעט די אַרויסגייענדיקע יינגלעך.

נאָך אַ קורצן געשפּרעך האָבן זיי זיך „צונויפגעשמעקט״: דאָס איז געווען יאַנעק זאַמבאַל מיט זיין ניינאָריקן ברודערל.

— מיר זענען געבליבן אַליין — האָט זאַמבאַל דערציילט — טאַטע־מאַמע זענען געשטאָרבן פון פלעקטיפוס, די שוועסטער האָט מען אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע. מיר זינגען אין די הייף. מיין ברודער נעכטיקט ביי אַ פּאַליאַק אויף גראָכאָווסקע־גאַס. מאָרגן נעמט ער אים צו זיך אויף שטענדיק. איך האָב נישט וווּ צו שלאָפן. ביי נאַכט קריך איך אַריבער דעם פּאַרקאַן פון סקאַרישעווסקי פּאַרק און דראַפּע זיך אַרויף אויף דער עסטראַדע פון אָרקעסטער. דאָרט שלאָף איך אויף די שטולן צווישן די מוזיק־פּולפּיטן, — האָט זאַמבאַל פאַרענדיקט זיין אייליקן באַריכט און פאַרשנדיק געקוקט אויף די נאָר וואָס באַקענטע חברים.



די ברידער, פּאַוועל און זענעק. פאָט. 1942

— מיר זענען אויך געבליבן אַליין, מיר נעכטיקן אויף די ביידעמס. היינט ביי נאַכט האָט אַ סטרוזש אונדז געפּאַקט. קוק! — האָט פּאַוועל געוויזן די סיניאַקעס אויף די הענט און דעם בייל אויפן קאָפּ.

— דאָ, אויף דער סאַסקע־קעמפּע שלעפּט זיך אַרום נאָך איינער אַן אונדזעריקער, — האָט זאָמבאַל זיך אָנגערופן — קומט, וועט איר אים זען.

ביים עק פון דער פראַנצוסקע־גאַס האָט אַ צענדליק פּויערים באַאַרבעט זייערע גרינס־גערטנדלעך. אַ דרייצן־יאָריק יינגל, מיט אַ טיפּיש „אַרישן" אויסזען, האָט זיך געבויגן אונטער דער משא פון צוויי עמערס מיט וואַסער.

— זבישעק, — האָט זאָמבאַל אים אַ רוף געטאָן.

זבישעק האָט איבערגעלאָזט די עמערס, אַריבערגעשפּרונגען

דעם נידעריקן פּלויט און צוגעלאָפן צו די אָנגעקומענע. ער איז געווען באָרוועס, אין צעריסענע הויזן און אין אַ צעפּליקט העמד. זיין פּנים איז געווען צעדראַפּעט, ווי ער וואָלט ערשט נישט לאַנג זיך געשלאָגן מיט עמעצן.

— וואָס ווילסטו? האָט ער ווילעריש געפרעגט זאַמבאַלן — און ווער זענען זיי דאָס? — האָט ער אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף פּאַוולען און זענעקן.

— דאָס זענען אויך „אונדזעריקע״. מיר האָבן זיך היינט באַגעגנט, — האָט זאַמבאַל אויפגעקלערט.

— אויב אַזוי, טאָ גיט ס׳פּיפּטל, — האָט זבישעק אויסגע־שטרעקט די האַנט.

— פון וואָסער גאַס ביסטו? — האָט זענעק געפרעגט.

— פון דער אָסטראָווסקע.

— און ווען האָסטו פון דאָרט געמאַכט פיס? — איז פּאַוועל געוואָרן נייגעריק.

— אוי, שוין לאַנג. אַלע זענען געשטאָרבן אין 1941. איך שלעפּ זיך אַרום. אַ מאָל געלינגט מיר עפּעס צוצולקחענען. איך גיב זיך אַן עצה. אייערנעכטן האָבן שקצים גענומען קריכן צו מיר. איינעם האָב איך דערלאַנגט אין ציפּערבלאַט, אַז ער האָט זיך צעבעטשעט, דעם צווייטן האָב איך אונטערגעשטעלט אַ פוס, האָט ער זיך איבערגעקאָלערט און געמאַכט פּליטה. דער דריטער האָט זיך געבעטן, אַז איך זאָל אים נישט שלאָגן. איך האָב אים בלויז אַ רייב געטאָן אין דער טראָמבע און אַוועק. ביי מיר זענען נישטאָ קיין חכמות — האָט זבישעק זיך באַרימט.

ער האָט זיך געוואָנדן צו זאַמבאַלן:

— הער, עפּעס אַ מאַדאַם האָט געזאָגט, אַז אויף גראָכאָווסקע־גאַס אַרבעטן יידן.

— אפשר זאָל מען גיין אַ קוק טאָן? — האָט פּאַוועל פאָרגעלייגט.

— גוט, אָבער וואַרט נאָר צו. איך וועל נעמען ביי מיין אַלטער געלט פאַר דער אַרבעט, — האָט זבישעק געזאָגט און אַוועק צו דער פּאָלקע אין גערטנדל. יענע האָט אים געגעבן פינף זלאָטעס. זבישעק האָט זיך געדונגען:

— צו ווייניק. וואָס מיינט איר זיך? אַ גאַנצן טאָג האָב איך געהאָרעוועט ווי אַן אייזל.

די פרוי האָט אים דערלייגט נאָך פינף זלאָטעס און ער איז אַוועק מיט די אַנדערע יינגלעך אויף גראָכאָווסקע־גאַס. אַ גרופּע יידן האָט דאָרט געאַרבעט ביים פאַרריכטן די טראַמוויי־רעלסן. די יינגלעך האָבן געקויפט עטלעכע ברייטלעך און צוגעברענגט פאַר די אַרבעטנדיקע, דערפאַר האָבן זיי באַקומען פון זיי פאַרשידענע זאַכן צום פאַרקויפן. פון דעמאָלט אָן פלעגן זיי יעדן טאָג קומען אַהין. פיל מאָל זענען זיי אַוועק מיט די אַרבעטער אין געטאָ, פון וואַנען זיי האָבן אַרויסגעשמוגלט פאַרשידענע „לאַכעס". אַזוי איז אַוועקגעגאַנגען אַ האַלב יאָר.

דער אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ האָט פאַרכאַפּט זבנעקן און זאַמבאַלן בעת זייער זיין אין געטאָ. זבנעק האָט זיך באַהאַלטן אויף אַ בוידעם. בעת אַ רעוויזיע האָבן די דייטשן געכאַפּט דאָס יינגל און געטריבן אים צוזאַמען מיט אַנדערע אויפן „אומשלאַגפּלאַץ". אין משך פון דריי טעג האָט ער זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן אין אַ שפּיטאָל־געביידע. ער האָט געזוכט עפּעס אַן אויסוועג, עפּעס אַ לאָך, דורך וועלכן ער זאָל זיך קאָנען אַרויסקריגן, אָבער אַלץ איז געווען אַרומגעשטעלט. איז ער אַריין אין אַ גרופּע, וואָס מען האָט געטריבן אין די וואַגאָנען, מיט דער אויסרעכענונג, אַז אפשר וועט זיך אים איינגעבן צו אַנטלויפן אין וועג.

פון פּלאַץ איז דער צוג אַוועק אין דער ריכטונג פון דאַנציקער וואָקזאַל. זבנעק האָט לאַנג נישט געטראַכט, מיט אַ ברעטל האָט ער אויפגעבראָכן דאָס פאַרדראָטעוועטע פענצטערל און אַרויסגעשפּרונגען אומבאַמערקט. ער האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעקייקלט, אויפ־

געהויבן זיך, געכאַפּט עפּעס אַ בעלקע, פאַרוואָרפן זי אויפן אַקסל און געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ דאָרטיקן אַרבעטער. נישט ווייט פון דאָרט האָבן פוילישע יינגלעך געגנבעט קוילן פון וואַגאָנען. ווען זיי האָבן דערזען זענעקן, זענען זיי צו אים צוגעלאָפן. מיט טענות:

— וואָס קריכסטו אויף אונדזער „מעלינע״? — האָט זיך צעשריגן אַ נידעריקער חברהמאַן, — טאָמער קומסטו נאָך אַ מאָל, וועלן מיר דיר די פיס אויסדרייען.

זיי האָבן אים דערלאַנגט עטלעכע קלעפּ, אַ קאָפּע געטאָן און אַוועק. אַ גליקלעכער, וואָס מ׳האָט אים נישט דערקענט, האָט זענעק אַוועקגעוואָרפן די בעלקע און איז אַריבער די רעלסן אין דער זייט פון קאָנאַרסקע־גאַס. דאָרט איז ער אַריינגעשפרונגען אין טראַמוויי און אַוועק אויף סאַסקע־קעמפּע, ווו ער האָט זיך געטראָפן מיט פּאַוולען און זבישעקן.

— ווי אַזוי האָסטו געמאַכט פּליטה? — האָט זבישעק געפרעגט. — מיר האָבן געמיינט, אַז דו ביסט שוין באַגראָבן.

אַ פאַרשוויצטער האָט זענעק זיך אַוועקגעזעצט אויפן גראָז און דערציילט די גאַנצע געשיכטע.

— און ווו איז זאַמבאַל? — האָבן זיי אים געפרעגט.

— געבליבן אין געטאָ.

— ער וועט שוין נישט אַרויס, ער וועט פאַרברענט ווערן, ווי אַלע, — האָט זבישעק צוגעגעבן.

דערווייל האָט אָבער זאַמבאַל זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער אויף מילע־גאַס. צו מאָרגנס איז אַהין אָנגעקומען אַ קאַמפּס־גרופּע, וואָס האָט געמוזט פאַרלאָזן איר פּאָסטן צוליב דער שריפה. אין עט־לעכע טעג אַרום האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן אויך דאָס הויז, ווו דער בונקער האָט זיך געפונען. סעריעס פון מאַשין־געווער האָט דורכגעריסן די פאַרויכערטע לופט.

צווישן ברענענדיקע הייזער האָבן זיך ביינאַכט דורכגעשלייכט אַ צוויי צענדליק געשטאַלטן. איבער צעוואָרפענע שטוב־זאַכן און

צעשאָטענע פּעדערן האָבן זיי דערגרייכט צום אַריינגאַנג פון אַ קאַנאַל, שנעל אַראָפּ אונטן און פאַרקלאַפּט דאָס טירל. אַ גאַנצן טאָג זענען זיי געזעסן אין שמאָלן קאַנאַל, איינגעזונקענע ביז איבער די קני אין שמוציקן וואַסער. ווען אין דער הייך איז די שיסעריי נישט שטילער געוואָרן, האָבן זיי באַשלאָסן אַרויסצוגיין דורך די קאַנאַלן אויף דער אַרישער זייט. זאָמבאַל איז געגאַנגען פאָרויס מיט אַ ברענענדיק ליכט.

זיי האָבן געבלאָנדזשעט אין דער קאַנאַל־נעץ און נישט געפונען קיין אַרויסגאַנג. וויפל מאָל זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ טירל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי געפינען זיך אַלץ אונטערן שטח פון געטאָ. דאָס האָבן זיי דערקענט לויט די פּעדערן צווישן די שפּאַרעס פון די טירלעך. כדי נישט צו דרייען זיך אין דעמזעלבן קרייז, האָבן זיי באַשלאָסן צו מאַכן זיך סימנים און צוגעקלעפּט פּאַפּיר־בלעטלעך אויף די ווענטלעך פון קאַנאַל.

אויפן דריטן טאָג פון אָט דער שרעקלעכער וואַנדערונג האָבן זיי באַגעגנט אַ גרופּע פון פינף יידן, צווישן זיי — צוויי פרויען. זיי האָבן זיך פאַראייניקט און געוואַנדערט ווייטער צוזאַמען, אָבער קיין אַרויסגאַנג האָבן זיי נישט געקענט געפינען. ערשט אויפן פינפטן טאָג האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף צוויי פּוילישע קאַנאַ־ליזאַציע־אַרבעטער. פאַר אַן אָפּצאָל פון טויזנט זלאָטעס פון אַ פּערזאָן, האָבן זיי אַרויסגעפירט די יידן אויף לוצקע עק טאַרגאָווע.

דאָס טירל האָט זיך געעפנט. זיי זענען קוים אַרויסגעקראָכן פון דער עפענונג איינער נאָכן צווייטן. זאָמבאַלן האָבן די פּאָליאַקן נישט געוואָלט אַרויסלאָזן, ווייל ער האָט נישט געהאַט צו באַצאָלן. האָט ער זיך אַרויסגעריסן פון זייערע הענט און איז איבער די אייזערנע טרעפּלעך אַרויס אויף דער גאַס. אַריינגעשפּרונגען אין אַ קלאָזעט פון אַ שכנותדיק הויז. דאָרט האָט ער איבערגעוואַרט אַ ביסל, געפונען אַ צייטונג, אָפּגעווישט דערמיט דאָס פּנים, אָפּגערייניקט

אַ ביסל די הויזן און מיט די לעצטע כוחות געלאָפן קיין גראַכאָוו צו זיין ברודערל.

ער האָט אים שוין אָבער דאָרט נישט געטראָפן. מיט צוויי טעג פריער האָט אים געכאַפּט אַ „גראַנאַטאָווער" פּאָליציאַנט. יעדער שפּור נאָך אים איז פאַרשוווּנדן.

אַ פאַרוויינטער, אַ הונגעריקער, וואַקלנדיק זיך קוים אויף די פיס, האָט זאַמבאַל זיך אַוועקגעשלעפּט אויף סאַסקע־קעמפּע. צווישן דיביידלעך דאָרט איז ער אַוועקגעפאַלן און איינגעזונקען אין אַ טיפן שלאָף. די פרימאָרגנדיקע קילקייט האָט אים ערשט אויפגעוועקט. ער איז אויפגעשטאַנען און אַוועק צו אַ ברונעם, אָנגעפּאָמפּעט וואַסער, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די צעריסענע מאַרינאַרקע, דאָס העמד, און לאַנג זיך געוואַשן מיטן ריינעם וואַסער, אַריינגעאָטעמט די ריינע לופט. אַן אויפגעפרישטער איז ער אַוועק זוכן די חברים. אין אַ שעה אַרום האָט ער געטראָפן זבישעקן, פּאַוועלן און זענעקן.

— דו לעבסט? כ'האָב געמיינט, אַז דער טייוול האָט דיך גע־נומען, — האָט זבישעק אים אויפגענומען מיט אַ קלאַפּ איבער דער פּלייצע.

זאַמבאַל האָט אויף אים קרום אַ קוק געטאָן און גאָרנישט גע־ענטפערט. פּאַוועל און זענעק זענען געווען אויפגעבראַכט אויף זבי־שעקן און אַלס צייכן פון פּראָטעסט האָבן זיי זאַמבאַלן מכבד געווען מיטן ברויט, וואָס זיי האָבן זיך געהאַט צוגעגרייט אויף פרישטיק. זבישעק האָט זיך פאַרשעמט, אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ שטיק וווּרשט, זאַמבאַל האָט עס אין איין אויגנבליק איינגעשלונגען. דערנאָך זענען זיי אַלע אין גוט־חברשאַפט אַוועק אין די גערטנדלעך און ביז מיטאָגצייט געהאָלפן דאָרט ביי דער אַרבעט.

שפּעטער איז פּאַוועל אַוועק הינטער סקאַרישעווסקי־פּאַרק צו זיינע „קליענטן". ער האָט זיי געהאָלפן טראָגן וואַסער און ביי דער געלעגנהייט אויפגעגעסן אַ ביסל מייערלעך פון די בייטן. דער וועכטער פון די גערטנדלעך האָט באַמערקט דאָס אָרעמע ייִנגל און

ער האָט אים פאָרגעשלאָגן צו היטן דעם פּלאַץ ביי נאַכט, דערפאַר וועט ער באַקומען 100 זלאָטעס אַ חודש. פּאַוועל האָט מסכים געווען. אין הילצערנעם ביידל האָט זיך געפונען אַ פּריטשע, דערנעבן אַ טישל, ביי דער זייט — אַ קעמערל אויף מכשירים.

— דער עיקר, ס׳זאָל מיר דאָ גאָרנישט פאַרלוירנגיין, — האָט דער וועכטער געוואָרנט.

פּאַוועל האָט בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז ער פאַרשטייט.

— געדענק, זאָלסט קיינעם נישט דערציילן, אַז דו היטסט אָנ־שטאָט מיר. אויב עמעצער וועט פרעגן ווי איך בין, זאָלסטו זאָגן, אַז כ׳קום באַלד צוריק. פאַרשטאַנען?

פּאַוועל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דו קענסט נישט רעדן, וואָס? — האָט דער וועכטער אַ געשריי געטאָן.

פּאַוועל האָט זיך פאַרשעמט און שנעל געענטפערט:

— איך פאַרשטיי.

דער וועכטער האָט געוואָרפן אויף אים אַ בליק, ווי ער וואָלט פּלוצלינג פאַרשטאַנען פאַר וואָס דאָס יינגל האָט מורא צו עפענען ס׳מויל. פון דעסטוועגן האָט זיך אַרויסגעפילט ביי אים סימפּאַטיע און מיטגיפל צום בחורל.

— קום אין אָוונט, אָבער נישט צו שפּעט, — האָט דער וועכטער פאַרענדיקט און איז אַוועק.

— חברה, איך האָב אַ „מעלינע", — האָט פּאַוועל אויסגערופן צוריקקומענדיק צו די יינגלעך אויף דער סאַסקע־קעמפּע. — אָט אַזאַ מעלינע! (האָט ער געמאַכט אַ צייכן מיט דער האַנט). כ׳וועל אַ נאַכט־וועכטער אין די גערטנדלעך; כ׳האָב אַ ביידל און וועל נאָך קריגן הונדערט גילדן אַ חודש!

די יינגלעך האָבן נישט געוואָלט גלייבן:

— דערצייל דער באָבען, — האָט זאַמבאַל חוזק געמאַכט.

— אפשר קאָן איך אויך נעכטיקן דאָרט, אויב דאָס איז אַזאַ

גוטע „מעלינע״ ? — האָט זבישעק אומגעריכט געפרעגט. פּאַוועל האָט זיך פאַרלוירן.

— איך ווייס נאָך נישט ווי ס׳וועט אויסזען. ער האָט מיך גע־הייסן קומען אין אָוונט... אפשר וועט ער נאָך חרטה האָבן ? — האָט ער זיך פאַרענטפערט, — היינט וועל איך זען ווי ס׳איז דאָרט, וועסטו מאָרגן קאָנען קומען.

— איר האָט געזען, ווי כ׳האָב אים געפּאַקט ? ער ציט זיך שוין צוריק ווי אַ ראַק, — האָט זבישעק טריומפירט.

— בלאָפער ! — האָט זאַמבאַל צוגעגעבן.

— פרייער ! האָסט דאָך שוין געקאָנט זאָגן, אַז דו האָסט אַ „מעלינע״ אויף מאַרשאַלקאָווסקע. אויב בלאָפן, טאָ זאָל זיך כאָטש לוינען, — האָט זענעק געלאַכט.

די יינגלעך זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. פּאַוועל איז אַוועק צום וועכטער אויף די גערטנדלעך.

— גוט וואָס ביסט שוין געקומען. דאָ האָסטו די שליסלען. נאָר אַלץ זאָל מיר דאָ קלאַפּן, — האָט ער אָנגעזאָגט.

אַן ערך אַ שעה צייט האָט זיך פּאַוועל אַרומגעדרייט איבער די גערטנדלעך, אַרויסגעריסן אַ פּאָר מייערלעך. דאַן האָט ער זיך אויסגעציוגן אויף דער פּריטשע. שוין לאַנג האָט ער נישט געהאַט אַזאַ באַקוועם געלעגער, איז ער טאַקע געשלאָפן, ווי אַ געהרגעטער. באַגינען, ווען ס׳איז געקומען דער וועכטער און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און קיינער האָט אים נישט געענטפערט, האָט ער אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין דער טיר פון ביידל. ערשט דאַן האָט פּאַוועל זיך אויפ־געכאַפּט פון דער פּריטשע אַן איבערגעשראָקענער און געעפנט די טיר. דער וועכטער איז אַריין, האָט זיך אַרומגעקוקט, געוואָרפן אַ בליק אין קעמערל מיט די מכשירים און, אַז ער האָט אַלץ געפונען אויף אַן אָרט, האָט ער אַ צופרידענער געפרעגט :

— נו, ווי ביסטו געשלאָפן שלימזל ?

— גוט, — האָט פּאַוועל געשמייכלט אַ פאַרשלאָפענער.

— שווענק איבער די אויגן, דאָרט שטייט אַן עמער מיט וואַסער און היינט זאָלסטו קומען אַ ביסל פריער.

פּאַוועל האָט זיך איינס־צוויי אָרומגעוואַשן און אַוועק אויפזוכן די חברים אויף סאַסקע־קעמפּע.

— נו, ווי אַזוי זעט דאָרט אויס דיין „מעלינע״? — האָט זבי־שעק ווידער חוזק געמאַכט.

— פיין, כ׳האָב אַ בעט מיט אַ קאָלדרע, — האָט אים פּאַוועל אָפּגעענטפערט.

— טאַקע? אויב אַזוי וועל איך היינט קומען צו דיר.

— גוט, ועסט מיך נישט אָפּשרעקן, — איז שוין פּאַוועל גע־ווען האָפערדיק.

די יינגלעך זענען אַוועק אַרבעטן אויף די גערטנדלעך. זבישעק און פּאַוועל האָבן געטראָגן וואַסער אויף צו באַגיסן די בלומען און ירקות; זענעק האָט איבערגעגראָבן די ערד; זאַמבאַל האָט פאַרריכט די פּלויטן. מיטאָגצייט האָט די פּוילישע פרוי לאַדזשאַ* פאַרבעטן די יינגלעך אויף זופּ, דערנאָך זענען אַלע צוזאַמען צוריק אַוועק צו דער אַרבעט.

אין אָוונט האָט פּאַוועל גענומען ביים וועכטער די שליסלען און אַוועק אין ביידל. ער האָט אַרומגעריייניקט די מכשירים און אַריינגעשטעלט זיי אין קעמערל. ווען ס׳איז געוואָרן טונקל איז זבישעק אָנגעקומען. איינהערנדיק זיך פריער גוט, איז ער אַריבער־געקראָכן איבערן פּלויט. אַרום איז געווען אַן אַבסאָלוטע שטילקייט. איז ער צוגעלאָפן צום ביידל און אָנגעקלאַפּט דריי מאָל. פּאַוועל האָט אים געעפנט.

— דאָ איז דאָך טאַקע גאָר פיין! — האָט דער גאַסט באַ־שטעטיקט.

---

* לעאָקאַדיאַ פּיצעק, אַ הויזוועכטערין פון ראַדזשיווילאָווסקע־גאַס.

— זעסטו שוין, אַז כ׳האָב נישט געבלאָפֿט? — האָט פֿאַוועל זיך אָנגערופֿן אַ צופֿרידענער.

פֿון דעמאָלט אָן פֿלעגט זבישעק יעדן אָוונט קומען צו פֿאַוולען אין ביידל. די אַנדערע צוויי יינגלעך האָבן ווייטער געוואַנדערט איבער ביידעמס.

איין מאָל זענען פֿאַוועל און זבישעק אַוועק אויף גראָכאָווסקע־גאַס צו אַ באַקאַנטן שוסטער פֿון פֿאַר דער מלחמה. דער פּאָליאַק האָט זיי מכבד געווען מיט הייסער טיי.

פּלוצלינג איז אַריינגעקומען אַ „באַנשוץ״*, אַ פֿאָלקס־דייטש. דעם שוסטערס געהילף האָט אים איינגערוימט אויפֿן אויער, אַז די יינגלעך זענען יידישע. דער פֿאָלקסדייטש האָט אַרויסגערופֿן פֿאַוו־לען און זבישעקן אויף דער גאַס.

— זייט זיך מודה, איך וועל אייך גאָרנישט טאָן. איך אַליין האָב אויסבאַהאַלטן אַ יידישע פֿרוי און דערנאָך איר געשאַפֿן אַרבעט ביי אַ פּויער. כ׳וועל מיט אייך אויך טאָן דאָס זעלבע.

די יינגלעך האָבן זיך שרעקלעך דערשראָקן און אָנגעהויבן צו לייקענען.

— האָט נישט קיין מורא, מען וועט אייך נישט טאָן קיין שום שלעכטס. קומט צו מיר אַהיים, וועל איך אייך געבן עפּעס צו עסן, — האָט ער זיי צוגערעדט.

די יינגלעך האָבן באַקומען צוטרוי און אַוועק מיט אים אויף טאַרגאָווע־גאַס. די פֿרוי פֿון דעם „באַנשוץ״ איז אָבער געלעגן אין בעט, האָט ער פֿאַרגעלייגט, אַז מען זאָל תיכף אַוועקפֿאָרן קיין וולאָכי צו אַ באַקאַנטן פּויער. זיי זענען אַריין אין אַ טראַמוויי און אַראָפּ ביים הויפּטוואָקזאַל.

נישט פֿאַרויספֿילנדיק קיין שלעכטס, זענען די יינגלעך אַריין מיט אים אויפֿן וואָקזאַל. אָבער אָנשטאָט צו דער באַן, האָט ער זיי אָב־

---

* דייטשער וועכטער פֿון דער באַן־ליניע.

געכאַפּט ביי די אַקסלען און צוגעפירט צו דער באַן־פּאָליציי. אַנט־לויפן איז שוין געווען צו שפּעט.

— דאָס זינד צוויי יודען, — האָט ער געמאָלדן דעם גראָבן קאָמענדאַנט פון דער וואַך.

די יינגלעך זענען געשטאַנען פאַרשטיינערט, געמיינט, אַז דאָס איז שוין דער סוף. מ'האָט זיי רעווידירט, געשטעלט פּראָגעס.

— הער קאָמענדאַנט, איך ניקס יודע. — האָט פּאַוועל אָנגע־הויבן מיט אַ שוואַכער שטים און אָנגעהויבן זאָגן „פּאַטשעזש" *, וואָס כמעט אַלע יידישע קינדער, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, האָבן געקענט. די דייטשן האָבן געשטוינט. זבישעק האָט געשוויגן, ער איז געווען זיכער, אַז זיין טיפּיש אַריש פּנים האָט גערעדט פאַר זיך.

דער קאָמענדאַנט האָט געהייסן זאָגן דאָס וואָרט „בראָט". פּאַוועל האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער קען נישט קיין דייטש און געזאָגט „פּראָט".

דאָס האָט, ווייזט אויס, איבערצייגט דעם דייטש. און אפשר האָט ער פּשוט נישט געהאַט קיין חשק צו פאַרנעמען זיך מיט דער ליקווידאַציע פון צוויי יידישע קינדער, האָט ער זיי געהייסן וואָס שנעלער אַנטלויפן.

די, על־פּי־נס, אָפּגעראַטעוועטע יינגלעך, זענען אַרויסגעשפּרונגען אויף דער גאַס, געלאָפן מיט אַלע כוחות, אַבי צו זיין וואָס ווייטער פון וואָקזאַל. יעדע ווילע האָבן זיי זיך אומגעקוקט, צי מען יאָגט זיי נישט נאָך. באַגאַסענע מיט שוויס, זענען זיי אָנגעקומען אויף דער סאַסקע־קעמפּע, זיך אַוועקגעלייגט אויפן גראָז און שווער געאָטעמט. שווייגנדיק האָבן זיי מיט די בליקן נערוועז געזוכט זייערע צוויי חברים.

— זיי זענען שוין מסתמא אַוועק שלאָפן — האָט זבישעק איבערגעריסן דאָס שווייגן.

---

* קריסטלעכע תּפילה.

— איך מוז אַהינלויפֿן איןביידל אַריין, — האָט זיך פֿאַוועל דערמאָנט.

ער איז אויפֿגעשפּרונגען, אָפּגערייניקט די הויזן מיטן אַרבל, אָפּגעווישט דאָס פֿאַרשוויצטע פּנים און אַ זאָג־געטאָן:

— זאָלסט אָבער באַלד קומען!

און ער איז אַוועקגעלאָפֿן אין דער זייט פֿון פּאַרק.

# 13

## אין אינטערנאַט אויף וואָלסקע־גאַס

יענע נאַכט זענען זאַמבאַל און זענעק געשלאָפן אויף אַ בוידעם אויף סאַסקע־קעמפּע.

— זע, וואָס פאַר אַ הערלעך אָרט! — האָט זענעק אָנגעוויזן אויף אַ ווינקל, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט מיט צוויי משופּעדיקע בעלקעס. זיי האָבן זיך געלייגט און צוגעטוליעט איינער צום צווייטן.

אין דער פרי האָבן די יינגלעך זיך אויסגעריבן די פאַרשלאָפענע אויגן און אַראָפּ אונטן, ווו זיי האָבן זיך אומגעריכט אָנגעשטויסן אויפן הויז־וועכטער.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָט ער זיך געוווּנדערט, — איר האָט זיכער עפּעס צוגעגנבעט.

— ניין, מיין הער, מיר האָבן גאָרנישט געגנבעט, מיר האָבן בלויז גענעכטיקט, — האָט זענעק אויפגעקלערט.

דער וועכטער האָט זיי געכאַפּט פאַר די קעלנער און אַראָפּגעפירט אויף דער גאַס. די יינגלעך האָבן זיך אָנגעהויבן אַמפּערן, איז אין דעם מאָמענט אָנגעקומען אַ „גראַנאַטאָווער״ פּאָליציאַנט.

— דאָס זענען גנבימלעך, איך האָב זיי געכאַפּט אויפן בוידעם — האָט דער וועכטער געמאָלדן.

— וואָס האָט איר געגנבעט? — האָט געפרעגט דער פּאָליציאַנט.

— מיר האָבן גאָרנישט געגנבעט, פּאַניע וולאַדזאָ, לאָזט אונדז אָפּ.

— דו האָסט גאָרנישט נישט געגנבעט? אין די אויגן דערקענט

מען, אַז דו ביסט אַ גנב — האָט דער פּאָליציאַנט זיך אָנגערופֿן און געגעבן זענעקן אַ פּאַטש.

— וואָס שלאָגט איר מיך? פֿאַר וואָס שלאָגט איר מיך? — האָט זיך זענעק געריסן.

— באַלד וועלן מיר זען פֿאַר וואָס איך שלאָג דיך.

ער האָט אַריינגעפֿירט די יינגלעך אין קאָמיסאַריאַט אַריין. די אייזערנע טיר האָט זיך פֿאַרהאַקט הינטער זיי. דער פּאָליציאַנט איז אַריין צום קאָמענדאַנט.

— איצטער קאָן מען שוין זאָגן ווידוי — האָט זאַמבאַל זיך שטיל אָנגערופֿן.

די טיר האָט זיך געעפֿנט.

— נו, קומט נאָר אַהער, אומשולדיקע מלאכימלעך! — האָט אַ זאָג געטאָן דער דיזשורירנדיקער פּאָליציאַנט.

זענעק איז אַריין דער ערשטער, נאָך אים — זאַמבאַל.

— ווי הייסטו?

— זענעק באַרקאָווסקי.

— ווי אַלט ביסטו?

— צוועלף יאָר.

— ווו וווינסטו?

— אין פּלודי.

— אַהאַ, ביסטו אַנטלאָפֿן פֿון דער היים, יאָ?

— דער טאַטע האָט מיך געשלאָגן, בין איך אַנטלאָפֿן.

— פֿאַר וואָס האָט ער דיך געשלאָגן?

— ווייל מיר האָבן געריכערט פּאַפּיראָסן, — האָט זיך זאַמבאַל אַריינגעמישט.

— און וואָס האָט איר געגנבעט אויפֿן דאַך? זייט זיך מודה, וועל איך אייך גאָרנישט טאָן.

— מיר האָבן גאָרנישט געגנבעט, מיר האָבן בלויז גענעכטיקט.

— וואַרט אין קאָרידאָר, — האָט לסוף דער אויספאָרשער גע־זאָגט און גענומען דאָס טעלעפאָן־טרייבל:

— איך האָב צוויי יונגע „קליענטן“. איר ווּעט האָבן אַן אָרט פאַר זיי? — האָט ער געפרעגט דורכן טעלעפאָן. — יאָ? איז גוט. באַלד שיק איך זיי איבער מיט אַ פּאָליציאַנט.

די יינגלעך האָבן זיך איבערגעקוקט: ווו ווּיל מען זיי שיקן?

— נו, קומט, אומשולדיקע שעפּעלעך, — האָט זיי אונטערגע־יאָגט דער פּאָליציאַנט.

— אָבער ווּהין, פּאַניע וולאַדזאַ, פאַר וואָס? מיר האָבן נישט געגנבעט, — האָט זאַמבאַל געהאַלטן אין איין איבערחזרן.

— וואָס ווּעסטו זיך כסדר פאַרענטפערן? קום, מער ווי איין מאָל שטאַרבט מען נישט — האָט זענעק איבערגעריסן.

זיי זענען אַרויס. דער פּאָליציאַנט האָט זיי אַרומגעבונדן די הענט מיט אַ שטריקל, זיי זאָלן נישט אַנטלויפן.

— הער, כ׳האָב אַ מעסערל. אויב ער וועט אונדז פירן צו אַלע אויאַזדאָווסקע, דאָס הייסט אין געסטאַפּאָ, וועל איך איבער שניידן דאָס שטריקל און מיר וועלן אַנטלויפן אין פאַרשידענע זייטן, — האָט זאַמבאַל שטיל געשעפּטשעט.

זיי זענען צוגעקומען צו נאָווי שוויאַט.

— אויב מיר וועלן זיך דאָ אַריינדרייען, איז ביטער — האָט זאַמבאַל געזאָגט.

— פּאַניע וולאַדזאַ, — האָט זענעק אים אַ שטופּ געטאָן, — מיר גייען אויף לינקס?

זאַמבאַל האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

— גלייך — האָט דער פּאָליציאַנט געענטפערט.

די יינגלעך זענען פריילעכער געוואָרן.

זיי זענען געגאַנגען ווייטער מיט אַלע יעראָזאָלימסקע, פאַר־קערוועט ביי זשעלאַזנע, אַרויס אויף וואָלסקע און פאַרהאַלטן זיך עק קאַראָלאָקאָווע. דאָרט איז געווען אַ פירשטאָקיק הויז, אויף וועלכן

ס׳האָט נאָך געהאָנגען אַ שילד: „דאָס סטאַראָזאַקאָגניך״. זיי זענען אַריין אינעווייניק. איצט איז דאָרט אַ קריסטלעך יתומים־הויז. אויפן געריימען הויף האָט אַ גרופּע ייִנגלעך און מיידלעך זיך געשפּילט אין „צוויי לאַגערן״. דערנעבן זענען געזעסן עטלעכע קליינע קינדער, וועלכע האָבן מיט לאָפּאַטקעס און דרענגלעך געגראָבן, געבויערט און געבויט שטיבלעך פון זאַמד. ווען זיי האָבן דערזען די נייאָנגעקומענע, האָבן די ייִנגלעך געוואָרפן די שפּיל און געלאָפן צום אַריינגאַנג — „בייע! בייע!״ — זיי זענען געשפּרונגען אַרום זיי פון אַלע זייטן, גענומען זיך אויספרעגן, שלעפן, שטופן.

— אַז כ׳וועל דיר דערלאַנגען אַ שטופּ, וועסטו מאַכן אַ קאָזשעליק, — האָט זענעק אין כעס אַ געשריי געטאָן.

— קוקט אים נאָר אָן! ער שטייט נאָך אין גרויסן — האָבן די קינדער געחוזקט. און באמת, זענעק איז נאָך געווען צונויפגעבונדן מיט זאַמבאַלן און ער האָט העכסטנס געקאָנט דריגען מיט די פיס. אָבער ווען דער פּאָליציאַנט האָט זיי אַראָפּגענומען די שטריק פון די הענט, זענען די אינטערנאַט־קינדער פון שרעק זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן.

אין אַ שעה אַרום זענען זענעק און זאַמבאַל אַרויס פון באָד. פון אונטער די צעריסענע און שמוציקע מאַרינאַרקעס האָט מען אַרויסגעזען די ריינע העמדער.

זיי האָבן זיך אָנגעהויבן שפּילן מיט די אַנדערע קינדער. זענעק האָט אַ צופרידענער געוואָרפן די פּילקע. זיי האָבן פאַרגעסן אין דער דרויסנדיקער וועלט, וועגן אַלע איבערגעקומענע שרעק. ערשט דאָס גלעקל אויף מיטאָג האָט איבערגעריסן זייער שפּילן זיך. אַלע האָבן זיך געזעצט צו די טישן און נאָך אַ קורצער תפילה האָבן די נאָנעס גענומען אַריינגיסן די זופּ אין די טעלערס. זאַמבאַל האָט שנעל אָפּגעגעסן און זיך אויפגעהויבן פון טיש. אַ נאָנע האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ס׳וועט נאָך זיין פלייש. דאָס ייִנגל האָט אויף איר געקוקט מיט חידוש און זיך צוריקגעזעצט צום טיש. נאָכן עסן

זענען אַלע קינדער אויפגעשטאַנען און ווידער אַרויסגעלאָפן אין דרויסן. טייל פון זיי האָבן געהאַט דיזשורן. זענעק האָט זיך אַזוי אָנ־געגעסן, אַז ער האָט זיך קוים געקאָנט רירן, ער האָט זיך אַזש געפּאַטשט אין בויך פון צופרידנקייט.

— נו וואָס, מ׳קאָן לעבן? — האָט זאַמבאַל געפרעגט.

— אָ, מ׳טאָר זיך נישט באַקלאָגן, — האָט אים זענעק גע־ענטפערט.

אַ גרופּע ייִנגלעך איז געזעסן אין גאָרטן ביי טישלעך און געמאַכט די לעקציעס. זענעק און זאַמבאַל האָבן זיך אַליין אַרומגעדרייט אויפן הויף. איז צוגעקומען צו זיי אַ נאַנע און געגעבן זיי העפטן מיט בליי־פעדערס. — שרייבט אָן אייערע ביאָגראַפיעס — האָט זי געזאָגט און איז אַוועק.

— לאָמיר אָנשרייבן אַ בריוול צו אונדזער חברה — האָט זאַמבאַל געענטפערט.

— וואָס זאָגסטו זענעק, וואָס זאָל מען שרייבן? — האָט זענעק געפרעגט זאַמבאַלן שטילערהייט.

„מיר זענען אין אַן אינטערנאַט אויף וואָלסקע. ס׳פעלט אונדז נישט גאָרנישט. מיר שפּילן זיך אין „צוויי לאַגערן״. אַ שאָד וואָס איר זענט דאָ נישטאָ״.

זאַמבאַל האָט איינגעלייגט דאָס בלעטל פּאַפּיר אין צווייען און אויפן אויסנווייניקסטן זייטל האָט ער אָנגעשריבן דעם אַדרעס פון פרוי לאָדזשאַ אויף סאַסקע־קעמפּע, מיט אַ צושריפט „פאַר פּאַוועל און זבישעק״. די ייִנגלעך זענען אַוועקגעלאָפן מיטן בריוול צום גרינעם פּלויט, וווּ ס׳האָט זיך אַרומגעדרייט אַ גאַסן־קערער.

— פּאַניע, שיקט אָפּ דאָס בריוול צו מיין מומע אויף סאַסקע־קעמפּע; זי ווייסט נישט וואָס מיט מיר איז געשען. דאָ האָט איר פינף זלאָטעס, — האָט זיך זענעק געבעטן.

דער גאַסן־קערער האָט גענומען דאָס בריוול און צוגעזאָגט עס צו דערליידיקן.

— קוק, די אַלטע גייט, — האָט זאַמבאַל אַ שטויס געטאָן זענעקן.

— נו, ווי האַלט עס מיטן אָנשרייבן אייערע ביאָגראַפיעס ? — האָט געפרעגט די דיזשורירנדיקע נאַנע.

— נאָך נישט פאַרטיק, — האָט זאַמבאַל געענטפערט און פלייסיק זיך אָנגעבויגן איבערן העפט.

— ווי אַזוי הייבט מען עס אָן ? — האָט זענעק געקרעכצט.

— באַלד וועט מען זען ווער פון אונדזביידן קען בעסער בלאָפן — האָט זיך זאַמבאַל אָנגערופן און אָנגעהויבן צו שרייבן:

— איך הייס יאַן יאַנקאָווסקי, געבוירן אין דאָרף... וואָסער דאָרף זאָל איך איינשרייבן ? — האָט ער זיך געקראַצט אין פאַרלעגנהייט.

— שטער מיר נישט, שרייב וואָס דו ווילסט, — האָט זיך זענעק צעבייזערט.

זאַמבאַל האָט ווייטער געשריבן: געבוירן, געבוירן אין דאָרף ווולקע נעבן... — ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע —...מאַלקין. דאָרט איז זיכער דאָ עפּעס אַ ווולקע... אין יאָר... הער נאָר, דו, ווי איז בעסער, צו זיין עלטער אָדער ייִנגער ? — האָט ער ווידער זיך געוואָנדן צו זענעקן.

— כ׳ווייס נישט. מסתמא איז בעסער צו זיין ייִנגער.

— נו, טאָ זאָל זיין אין יאָר 1933... ווען כ׳בין אַלט געוואָרן זיבן יאָר בין איך געגאַנגען אין שקאָלע און געהאָלפן דעם טאַטן אין דער ווירטשאַפט. אין 1941 איז דער טאַטע דערהרגעט געוואָרן דורך... באַנדיטן. די מאַמע האָט מען אַרויסגעפירט קיין פּרייסן. איך בין געבליבן אַליין.

— איך האָב געענדיקט. נאָר אונטערצושרייבן.

— אַזוי שנעל ? — האָט זענעק זיך געחידושט.

— וואָס דאַרף איך זיך דאָ צו צעשרייבן ? אַז דעם אמת קאָן מען סיי ווי נישט דערציילן. ווען איך וואָלט געשריבן דעם אמת, וואָלטן זיך זייערע האָר געשטעלט קאַפּויער...

— און איך שרייב אָן אַ גאַנצע „בוידע“, — האָט זענעק זיך אָנגערופן.

— ווייז!

— כ׳וויל נישט, אַז כ׳וועל ענדיקן, וועל איך דיר ווייזן.

מיט אַ שנעלער באַוועגונג האָט זאַמבאַל אַרויסגעריסן אים דאָס בלעטל און איז אַנטלאָפן. זענעק האָט אים נאָכגעיאָגט.

— גיב אָפּ, — האָט ער געבעטן.

— כ׳וועל דיר אָפּגעבן ווען כ׳וועל איבערלייענען.

זענעק האָט זיך אונטערגעגעבן. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביים טישל און זאַמבאַל האָט געלייענט שטילערהייט:

„איך הייס זענאָן באַרקאָווסקי. מיין פּאָטער איז געווען אַ סטעלמאַך אין אַ גוט. די מוטער אַרבעט ביי דער ווירטשאַפט. איך האָב נאָך צוויי ברידער, אַ ייִנגערע שוועסטער און אַ 89־יאָריקע באָבע. איך בין געבוירן אין 1931 אין פּלודי נעבן וואַרשע. ווען כ׳בין אַלט געווען 7 יאָר בין איך געגאַנגען אין שול. דער עלטערער ברודער האָט מיר געהאָלפן אין דער לערע. אין 1939 האָט אַ באָמבע חרוב געמאַכט אונדזער הייזל. מיר האָבן עס געמוזט נאָך אַ מאָל אויפבויען. איך האָב אויך געמוזט דערביי אַרבעטן. איצט האָבן מיר אַ שיינע דירה“.

— נישט קיין שלעכטע „קאַטשקע“, — האָט זאַמבאַל זיך אָנגערופן. — אַ שאָד וואָס דו האָסט נישט אַריינגעשריבן די עלטערבאָבע...

זענעק האָט פאַרצויגן אין דער שטיל דאָס לידל „אַן אַרישע באָבע איז אַ וויכטיקע זאַך, האָסטו נישט אַזאַ, איז געהאַקטע בראַך“... די ייִנגלעך האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

טעג זענען פאַרביי. זאַמבאַל און זענעק האָבן זיך געשפּילט מיט די אַנדערע קינדער פון אַנשטאַלט, באַזוכט די לעקציעס און געמאַכט פאַרשריט אין דער לערע. זייער איינציקע זאָרג איז געווען: די חשדפולע בליקן ביי איינעם פון די דערציער. און ווען מ׳האָט

געדאַרפֿט גייען אין באָד, האָבן זיי זיך אַרויסגעדרייט מיט אַלע מיטלען...

נאָך אַ חודש צייט האָט מען דאָך אָנגעהויבן זיי חושד צו זיין אין יידישקייט. לכתחילה האָט עס זיך אויסגעדריקט אין צוטשעפּע־נישן, אין פאַרשידענע באַמערקונגען פון לערער. ער האָט איין מאָל געריטמט זייערע פאַרשריטן אין דער לערע און דערביי אַ זאָג געטאָן: „איר האָט סוחרישע קעפּלעך”.

די עלטערע קינדער האָבן שוין אָנגעהויבן אָפענערהייט צו רופן זיי „זשידקי”. ווען די דיזשורינדיקע נאַנע האָט זיי באַשטימט אויף עפּעס אַ שווערער אַרבעט, האָבן די ייִנגלעך געזען דערין אַ סימן פון שלעכטער באַהאַנדלונג.

איין מאָל האָט מען זענעקן און זאַמבאַלן גערופן צום דאָקטער.

— מען מוז אָפּציען, — האָט זאַמבאַל געזאָגט צו זענעקן — זיי שטויסן זיך שוין אָן.

— קינדער, דער דאָקטער רופט איך, האָט זיי אַ נאַנע גערופן.

— מיר גייען שוין, שוועסטער.

זיי זענען אַריין אין דער געביידע, אָבער אַנשטאָט אויף לינקס צום דאָקטער, האָבן זיי פאַרקערוועט צום אַרויסגאַנג. זיי זענען שנעל אַדורך דעם קאָרידאָר, אַ שטופּ געטאָן די איינגאַנג־טיר און אַרויסגעשפּרונגען אויף דער גאַס.

— קינדער, וווהין גייט איר? — האָט זיי דער פּאָרטיער נאָכגעשריגן.

— מיר וועלן באַלד צוריקקומען, — האָבן זיי געענטפערט און אויסגעמישט זיך מיטן המון פאַרבייגייער.

זיי זענען אָנגעקומען אויף סאַסקע־קעמפּע. פּאַוועל האָט געגראָבן די ערד, זבישעק איז געזעסן אויף אַ נידעריק קלעצל און אויסגע־פייפט עפּעס אַ לידל.

— אוי, זע נאָר, זיי גייען דאָך, די אינטערנאַט־פּראַיערס! — האָט זבישעק אויסגערופן. — נו וואָס, געענדיקט זיך די זיבן גוטע יאָר?

— ווי איז אייך דאָרט געגאַנגען? — האָט געפרעגט די פרוי לאָדזשאַ, אַן אַנגעבויגענע איבער די בלומען. זי האָט זיך אָנגעשטויסן וועגן דער אָפּשטאַמונג פון די ייִנגלעך.

— נישט צו פאַרזינדיקן — האָט זאַמבאַל געענטפערט.

— ס׳וואָלט נישט אויסגעמאַכט נאָך אײן אַזאַ אינטערנאַט, — האָט זענעק צוגעגבן.

# 14

## „עמך"

אין אַ סעפּטעמבער־אָוונט 1943, האָבן פּאַוועל, זבישעק און זענעק זיך אַרומגעדרייט אויפן פעלד צווישן סקאַרישעווסקי־פּאַרק און גראַכאָווסקע גאַס. פּלוצלונג האָבן זיי באַמערקט עפּעס אַ שאָטן, וואָס שלעפּט זיך אויף דער ערד.

— קוק, קוק, דו זעסט, דאָרט? — האָט זענעק שעפּטשענדיק אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף עפּעס, וואָס האָט זיך באַוועגט אין פעלד.

די ייִנגלעך האָבן זיך באַהאַלטן הינטער די ביימער.

— ער קריכט אַרויס, אָ, — האָט פּאַוועל געזאָגט.

— מסתמא עפּעס אַ שלעפּער, אַ גנב... אָבער ער קריכט ווי אַ ייִד, — האָט זבישעק פעסטגעשטעלט.

דער שאָטן האָט זיך אויפגעהויבן, געדרייט זיך אַביסל אויפן אָרט און שפּעטער דערוויטערט אין דער זייט פון אַלעע וואַשינגטאָן.

— וואָס קען דאָס זיין? — האָט זיך פּאַוועל געחידושט.

— קומט, ווועלן מיר זען — האָט זבישעק געזאָגט און מיטגע־שלעפּט מיט זיך זענעקן, וואָס האָט זיך אַביסל צוריקגעהאַלטן. — וואָס האָט איר מורא? פּחדנים זענט איר, — האָט ער געזאָגט צו ביידע ברידער.

געטראָפּענע אין זייער האַנאָר, האָבן זיי זיך פּאַמעלעך איינגע־בויגן און פאַרגנבעט צום אָרט, פון וואַנען דער געהיימנישפולער שאָטן איז אַרויסגעקראָכן.

— און אפשר איז דאָרט אינעווייניק נאָך עמעצער פאַראַן ? — האָט פּאַוועל זיך אָנגערופן.

זבישעק האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיינע רייד און איז געגאַנגען ווייטער. עטלעכע מעטער פאַרן פּאַרדעכטיקטן אָרט, האָבן זיי אַנידערגעקניט, זיך איינגעהערט — אַ שטילקייט האָט געהערשט אין דער סביבה. פון אונטער אַן אויפגעשאָטן בערגל, באַדעקט מיט מאָך, האָט אַרויסגעשטאַרצט אַ שטיקל ברעט. ווען זיי האָבן אָפּגערוקט דאָס ברעט, האָבן זיי דערזען אַ גרוב, אויסגעבעט מיט שטרוי. אין ווינקל — אַ שטיקל ברויט און עפּעס אַ סלאָיק.

— עמעצער באַהאַלט זיך דאָ — זאָגט זבישעק.

— מסתמא אַ ייד — האָט פּאַוועל צוגעגעבן.

— אפשר עמעצער פון דער אונטערגרונד־אָרגאַניזאַציע ? — איז זענעקן איינגעפאַלן.

— זיכער אַ ייד, דאָס ברויט זאָגט עדות דערויף, — האָט זיך פּאַוועל געהאַלטן ביי זיינעם.

— רעדסט נאַרישקייטן. מ׳וואָלט אים דאָ שוין פון לאַנג געכאַפּט, — האָט זבישעק געפּסקנט.

— און איך זאָג, אַז אַ ייד — האָט פּאַוועל זיך געעקשנט.

— נו, וועלן מיר זען, איך וועל אויף אים טשאַטעווען, — האָט זבישעק פאַרענדיקט די אַמפּערניש.

— דעק נאָר צו גוט דאָס לאָך ווי פריער, — האָט זענעק געזאָגט.

פּאַוועל האָט צוגעדעקט דאָס ברעט מיט מאָך און די יינגלעך האָבן זיך צוריקגעצויגן צום וועלדל און פון דאָרט אָבסערווירט דעם שטח. אַ האַלבע שעה איז אַריבער און קיינער האָט זיך נישט באַוויזן. דערווייל האָט אָנגעהויבן קאַפּען אַ רעגנדל.

— נו, גענוג אויף היינט. מאָרגן וועלן מיר אים „פּאַקן״ — האָט זבישעק זיך אָנגערופן.

זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. פּאַוועל און זבישעק זענען אַוועק איןביידל פון גערטנדל און זענעק איז געלאָפן צו פרוי

לאַדזשאַ. דאָרט האָט ער אויך געטראָפן זאַמבאַלן און זיי דערציילט וועגן זייער אַנטדעקונג.

— עמעצער וווינט דאָרט. ער לעבט נאָך ערגער פון אונדז.

די פרוי איז געוועזן דערשיטערט פון דער געשיכטע. ס׳איז איר אַ רחמנות געוואָרן אויף די ייִנגלעך, האָט זי פאַרגעשלאָגן זיי זאָלן איבערנעכטיקן אין קעלער.

צו מאָרגנס פאַר נאַכט האָט פאַוועל, זבישעק און זענעק געלויערט אין וועלדל אויף דער געהיימנישפולער געשטאַלט. ווען ס׳איז געוואָרן טונקל, האָט ווידער עמעצער אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון אונטער דער ערד. דער מענטש האָט זיך אויפגעהויבן, אַרומגעקוקט און לסוף זיך דערווייטערט מיט שנעלע טריט. די ייִנגלעך זענען אַוועק נאָך אים.

— קומט שנעלער, פון דער זייט, וועלן מיר אים דעריאָגן און קאָנען אָנקוקן, — האָט זענעק פאָרגעלייגט.

— חברה, מיר וועלן לויפן ביז אַלעע וואַשינגטאָן און זיך זעצן אונטערן לאַמטערן. ער מוז דאָרט אַדורכגיין, האָט זבישעק געזאָגט און תיכף געלאָפן אַהין. פאַוועל און זענעק זענען אַוועק נאָך אים.

דערווייל איז דער געהיימנישפולער מענטש אַריבערגעקראָכן דעם פּאַרקאַן און ביי אַלעע־וואַשינגטאָן האָט ער פאַרקערעוועט אין דער זייט פון סאַסקע־קעמפּע. ער איז געגאַנגען שנעל, נערוועז און זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן. ווען ער האָט דערזען ביים לאַמטערן די ייִנגלעך, האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע אַ טיכל, געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי ער ווישט זיך אויס די נאָז און דערביי זי צוגעדעקט.

פאַוועל איז געזעסן איינגעבויגן, ער האָט מורא געהאַט זייטיק צו געבן אַ קוק אין פּנים פון אָנקומענדיקן. זענעק האָט אויף אים געוואָרפן אַ בליק. בלויז זבישעק האָט געקוקט אָנגעשטרענגט. אין ליכט פון לאַמטערן האָט מען געזען דאָס טיפּיש־סעמיטישע פּנים פונעם אומבאַקאַנטן.

— זייט אַזוי גוט, ווי שפּעט איז? — האָט זבישעק אים פאַרטשעפּעט.

— איך ווייס נישט, — איז געקומען אַ קורצער ענטפער.

דער מענטש האָט זיך דערוווייטערט מיט שנעלע טריט, ווי ער וואָלט וועלן אַנטלויפן.

— האָט נישט קיין מורא — האָט זבישעק אים נאָכגעשריגן — מיר זענען אייגענע.

דער מענטש איז געבליבן אַ ווײַלע שטיין, כדי אָפּצוּעטעמען.

— גייט נישט אַהין, דאָרט דרייען זיך זשאַנדאַרן, — האָבן זענעק און פּאַוועל אים געוואָרנט.

— וואָס גייען מיך אָן די זשאַנדאַרן? איך ווין אויף סאַסקע־קעמפּע און גיי אַהיים.

זענעק האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן. ס'איז נישט געווען צו זען קיין לעבעדיקן נפש.

— איך בין אַ ייד, — האָט ער שטיל זיך אָנגערופן אויף יידיש צום פרעמדן. יענער איז געבליבן שטיין, ווי פאַרגליווערט. ער האָט געקוקט אויף זענעקן, געוואָרפן בליקן אויף פּאַוולען און זבישעקן און דערנאָך ווידער אויף זענעקן. דאָס יינגל האָט באַשטע־טיקט זיינע רייד מיט צושאָקלען מיטן קאָפּ.

— איך אויך, — האָט זיך פּאַוועל אָנגערופן.

— אויך איך, — האָט זבישעק געזאָגט.

דער מאַן האָט געוואָרפן נערוועזע בליקן אויף די יינגלעך. ער האָט נישט געגלייבט, געקוקט מיט חשד אויף זבישעקס טיפּיש־אַרישן פּנים.

— ער איז אויך אַ ייד?

די יינגלעך האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ.

— מיר גייען איבער די הייזער, נעכטיקן אויף ביידעמס, אין קעלערס, מיר גיבן זיך ווי ס'איז אַן עצה — האָבן זיי דערציילט. —

מיר האַלטן זיך אפילו אין ווינט, אַבי נישט אָפּצוגעבן די באָנע *, — האָט זבישעק צוגעגעבן.

אויפן יידס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ קוים באַמערקבאַרער שמייכל. איצט, אַז ער האָט דערהערט דעם באַקאַנטן זאַג, האָט ער שוין נישט געהאַט מער קיין ספק וועמען ער האָט פאַר זיך. באַלד האָט זיך אָבער זיין פּנים ווידער פאַרוואָלקנט.

— קומט, דאָ איז געפערלעך צו שטיין, — האָט ער געזאָגט צו די יינגלעך. זיי האָבן אַלע פאַרקערוועט אין אַ זייטיקער גאַס.

ווען זיי האָבן זיך צו אים בעסער צוגעקוקט, האָבן זיי באַמערקט, אַז ער איז נאָך גענוג יונג, ער איז בלויז באַוואַקסן און שרעקלעך אויסגעדאַרט.

— איך ווייס נישט מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן. מסתמא וועל איך אומקומען פון הונגער. אַ באַקאַנטער פּאָליאַק, אַ באַפּטיסט, ברענגט מיר פון צייט צו צייט אַ שטיקל ברויט און פון דעם לעב איך. אָבער דער ווינטער רוקט זיך דאָך אָן... — האָט ער זיך באַקלאָגט.

— מיר וועלן אייך העלפן, — האָבן די יינגלעך זיך אָנגערופן אין כאָר.

זענעק האָט אַרויסגענומען פון קעשענע 5 זלאָטעס.

— מיר וועלן בעטן זופּ ביי פּרוי לאָדזשאַ. זי וועט זיכער נישט אָפּזאָגן, — האָט זבישעק צוגעגעבן.

— עמעצער גייט, — האָט זענעק אַ סיקע געטאָן און אין איין אויגנבליק זענען אַלע זיך צעלאָפן.

— ווו וועלן מיר זיך טרעפן? — האָט דער ייד נאָך באַוויזן זיך צו פרעגן.

---

* „באָנע“ — ברויט־קאַרטע. אין געטאָ־זשאַרגאָן האָט עס געהייסן — שטאַרבן.

— דאָרט, אין יענעם וועלדל, אַכט אין אָוונט, ווען ס׳וועט ווערן טונקל, — האָט זענעק געענטפערט.

דעם קומענדיקן אָוונט האָבן די ייִנגלעך אויסגעבעטן ביי פּרוי לאָדזשאַ אַ באַנקע הייסע זופּ און זענען אַוועק אויפן אָפּגעשמועסטן אָרט. ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט.

— אַך, מיינע טייערע קינדער — האָט דער מענטש זיי אויפגענומען מיט פרייד. — איך האָב שוין געמיינט, אַז איר האָט מיך פאַרגעסן.

— מיר זאָלן פאַרגעסן? וואָס מיינט איר, אַז אונדזער וואָרט איז גאָרנישט ווערט? — האָט זיך זבישעק אָנגערופן אַ באַליידיקטער.

דער מענטש האָט נישט געלייגט קיין אַכט דערויף. עפּעס אַנדערש האָט צוגעצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט.

— וואָס האָט איר דאָ אין דעם בלעכל? — האָט ער געפרעגט און נישט אָפּגעריסן די אויגן פון דער פּאַרע, וואָס האָט געשלאָגן פון דער באַנקע.

ער האָט פאַרזיכטיק גענומען די באַנקע זופּ, אַרומגעטאַפּט זי, ווי ער וואָלט נישט געגלויבט זיינע אייגענע ציטערנדיקע פינגער. דאַן האָט ער בליץ־שנעל, אין איין אָטעם, די זופּ איינגעשלונגען.

— איך דאַנק אייך, איך דאַנק אייך, — האָט ער געסאָפּעט, — אַזוי פיל חדשים האָב איך שוין נישט געגעסן קיין געקעכטס. איצט קומט, וועל איך אייך ווייזן מיין לאַך, — האָט ער געזאָגט צו די ייִנגלעך.

— ניין, ניין, מיר מוזן שוין גיין. מאָרגן וועלן מיר ווידער קומען.

זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. זענעק איז צוריק אַוועק־געלאָפן אויף סאַסקע־קעמפּע. פּאַוועל און זבישעק זענען אַוועק נעכטיקן אין זייער ביידל.

— האָסט געזען ווי דער „קאָטער" האָט אַראָפּגעשלונגען די זופּ? — האָט זיך זבישעק אָנגערופן.

— וואָס וווּנדערסטו זיך? ער איז געווען גוט אויסגעהונ־גערט. דערפאַר אָבער איז עס יענער חברהמאַן, אַן אמתער „עמך".

דאָס איז געווען אַ קעמפער פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַני־זאַציע אין וואַרשעווער געטאָ, וועלכער האָט זיך דעם 27־טן אַפּריל 1943 אַרויסגעקריגן מיט אַ גרופּע פון ברענענדיקן געטאָ, דורך די קאַנאַלן (ביי דער מיטהילף פון דער פּוילישער אונטערערד). זיי זענען אַריבער צו די פּאַרטיזאַנער אין די ווישקאָווער וועלדער און נאָך צוויי־חדשימדיקע קאַמפן — צעקלאַפּט געוואָרן פון די דייטשן. „עמך" איז געלונגען אַדורצורייסן זיך קיין וואַרשע. ער האָט זיך דאָרט איינגעאָרדנט אַ פּרימיטיוון בונקער אונטער דער ערד, ווו די יינגלעך האָבן אים אַנטדעקט.

זייט דאַן האָבן זיי אים יעדן אָוונט געבראַכט הייסע זופּ און ברויט. זיי פלעגן זיך טרעפן אויף אַ קורצן שמועס און זיך פונאַנדערגיין.

דער חודש סעפּטעמבער האָט זיך דערנענטערט צום סוף. די באַלעבאַטים פון די גערטנדלעך האָבן אויף ווינטער פאַנאַנדער־גענומען די ביידלעך. די יינגלעך האָבן פאַרלוירן אי דעם דאַך איבערן קאָפּ, אי דעם פאַרדינסט.

— דו ווייסט, דאָ קאָן זיין אַ פיינע „מעטע", — האָט פאַוועל זיך אָנגערופן, אָנווייזנדיק אויף אַ נישע אונטער די שטיגן אין סקאַרישעווסקי־פּאַרק.

— נו, גענומען זיך צו דער אַרבעט — האָט זבישעק גע־ענטפערט.

פאַוועל איז אַוועק אויף אַלעע וואַשינגטאָן און געברענגט פון דאָרט אַלטע ציגל. זבישעק האָט אַהינגעשלעפּט אַ בינטל שטרוי, וואָס ער האָט צוגעלקחנט ביי איינעם פון די דאָרטיקע פויערים. די יינגלעך האָבן עס אריינגעלייגט אונטער די שטיגן. פון איין זייט האָבן זיי פאַרשטעלט די נישע מיט ציגל און אַזוי אַרום געשאַפן אַ שוץ קעגן ווינט; פון דער צווייטער זייט איז געבליבן אַ לאָך

אויף אַרויסצוקריכן. זבישעק איז דערנאָך אַוועק אויף גראַבאָווסקע און פון אַ קעלער „גענומען" צוויי אַלטע זעק, אַוועקגעלייגט אויפן שטרוי און די „וווינונג" איז געווען פאַרטיק. די ייִנגלעך האָבן זיך געלייגט שלאָפן. ביי נאַכט איז אָבער קאַלט געוואָרן, זיי האָבן זיך צוגעטוליעט צו זיך. פּאַוועל האָט פאַרקילט זיין פּענכער און נאָס געמאַכט דאָס געלעגער. אויסגעפּרווירענע זענען זיי אין דער פרי אַוועק אין שטאָט. זיי האָבן זיך דאָרט געטראָפן מיט זענעקן און זאַמבאַלן, וואָס זענען פאַרבליבן נעכטיקן אין דעם קעלער, ווו פרוי לאַדזשאַ איז געווען וועכטערין. אין אָוונט פלעגן זיי ברענגען זופּ דעם „עמך" און צוריק אַוועק אין זייער נאָרע.

— הער נאָר, מ'וואָלט געדאַרפט טוישן דאָס שטרוי און די זעק, זיי זענען נאָס, האָט פּאַוועל זיך אָנגערופן.

— נו, טאָ גיי און שאַף, איך וועל צוליב דיר נישט גיין לקחנען, — האָט זבישעק אָפּגעענטפערט מיט אַן אָנדייטונג, אַז די זעק זענען פייכט געוואָרן צוליב פּאַוועלן.

— זע ווי ער האָט זיך דאָס אָנגעהאַרעוועט! ער האָט געברענגט צוויי זעקלעך און מאַכט דעם אָנשטעל פון אַ העלד, — האָט פּאַוועל געזאָגט אַ באַליידיקטער.

— איז וועגן וואָס גייט דיר? ברענג שטרוי. די זעק וועלן מיר אויסטריקענען און אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג, — האָט זבישעק מסכים געווען.

זיי האָבן שנעל געביטן דאָס שטרוי, אויפגעהאָנגען די זעק אויף אַ בוים צו טריקענען איבערן טאָג. געהאָלפן האָט עס אָבער גאָר ווייניק.

# 15

## נייע חברים

אין אַן אָקטאָבער־טאָג פון יאָר 1943 האָט זאָמבאַל זיך געדרייט אויף סאָלעץ־גאַס און באַמערקט אַ קליין ייִנגל, וואָס האָט אים אויסגעזען צו זיין באַקאַנט. ער האָט אים באַטראַכט פון אַלע זייטן, דערנאָך שטאַרק אים אַריינגעקוקט אין פּנים. דער קליינער האָט זיך דערשראָקן, פאַרקערוועט אין אַ זייטיקער גאַס און אָנגעהויבן שנעלער צו גיין. זאָמבאַל האָט אים נאָכגעיאָגט.

— העי, ייִנגעלע, דערקענסט מיך נישט? געדענקסט נישט, אַז מיר זענען ביידע אַריבערגעקראָכן די מויער? — האָט ער געזאָגט, איבערצייגנדיק זיך, אַז אַרום איז קיינער נישטאָ.

דער קליינער איז געבליבן שטיין.

— וואָס פאַר אַ מויער? — האָט ער געשטאַמלט.

זאָמבאַל האָט זיך צעלאַכט און געקלאַפּט דעם קליינעם איבער דער פּלייצע:

— כ׳בין אַן אייגענער, האָב נישט קיין מורא. מיר זענען דאָ אַ גאַנצע חברה, גיבן זיך ווי ס׳איז אַן עצה, מיר וועלן די באָנע נישט אָפּגעבן.

— מיר זענען אויך אַ גרופּע, מיר האַנדלען מיט פּאַפּיראָסן, — האָט דער קליינער געענטפערט באַרימעריש.

— ווי אַזוי קאָן מען זיך טרעפן מיט אייך?

— איך ווייס נישט. איך מוז זיך פרעגן ביטשעקן — האָט דער קליינער געענטפערט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ ביטשעק? — האָט זיך זאָמבאַל געחידושט.

— דאָס איז דער עלטסטער ביי אונדז.

— טאָ זאָג אים, אַז מיר וועלן מאָרגן 12 אַ זייגער וואַרטן אונטער דער בריק. זאָלסט נאָר נישט פאַרגעסן!

— גוט, גוט, כ׳וועל אוודאי נישט פאַרגעסן — האָט דער קליינער פאַרזיכערט.

דאָס איז געווען באַלוש. ווי אַ פייל פון בויגן איז ער אַוועק צום פּלאַץ פון די דריי קרייצן.

זאָמבאַל האָט נאָכגעקוקט דעם קליינעם, דערנאָך האָט ער זיך אַריינגעהויכט אין דער האַנט אַריין „אויף מזל״ און שנעל אַוועק אין דער זייט פון סאַסקע־קעמפּע. אויך ער איז געווען אומגעדולדיק און זיך געאײַלט צו דערציילן זיינע חברים וועגן דער סענסאַציע פון טאָג. אַ פאַרסאַפּעטער און פאַרשוויצטער איז ער געקומען צו לויפן אין די גערטנדלעך, ווו ס׳האָבן זיך אַרומגעדרייט זיינע חברים.

— איר ווייסט וואָס? — האָט ער קוים אַרויסגערעדט.

— וואָס, וואָס איז געשען? — האָבן די יינגלעך אים אַרומגערינגלט.

— איך האָב געטראָפן „אונדזעריקע״ יינגלעך, — האָט ער גערעדט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, — כ׳האָב זיך אָפּגעשמועסט מיט זיי אויף מאָרגן אונטער דער בריק.

— מיר וועלן אַלע אַהינגיין, — האָבן די יינגלעך צוזאַמען באַשלאָסן.

אין דער זעלבער צייט איז אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן געקומען צו לויפן באַלוש, אַ שיינענדיקער פון פרייד.

— וואָס איז געשען? — האָט ביטשעק געפרעגט אַ פאַר־וווּנדערטער.

דער קליינער האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדן אַ וואָרט, די צונג האָט זיך אים געפּלאָנטערט, ס'האָט אים ממש געפעלט אָטעם.

— נו, דערציייל שוין, וואָס איז געשען? — האָט זיך אַריינ־געמישט די נייגיריקע טערעזע.

— לאָז אים אָפּסאָפּען, — האָט ביטשעק איר איבערגעריסן.

באָלוש האָט אָפּגעאָטעמט און איילִיק דערציילט:

— אונטער דער בריק, אויף סאָלעץ, האָב איך געטראָפן אַן „אונדזעריקן" פון סאָסקע־קעמפּע. זיי זענען דאָרט זאָלבע פיר. איך האָב זיך אָפּגעשמועסט מיט זיי אויף מאָרגן צוועלף אַ זייגער.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג מיט טערעזען און מיט קולאָסן האָט ביטשעק באַשלאָסן צו גיין מאָרגן אויף דער באַגעגעניש.

אויף צו מאָרגנס זענען די פיר יינגלעך פון סאָסקע־קעמפּע אַוועק אין דער ריכטונג פון סאָלעץ. ס'איז געווען קאַלט, זבישעק האָט זיך געריבן די הענט און געטופּעט מיט די באָרוועסע פיס, כדי זיי צו דערוואַרעמען. פּאַוועל האָט כסדר אונטערגעיאָגט, אַז מ'זאָל נישט פאַרשפּעטיקן אויף דער באַגעגעניש. זיי זענען שנעל אַראָפּ פון די טרעפּ אויף דער סאָלעץ־גאַס און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. זבישעק איז עטלעכע מאָל זיך דורכגעגאַנגען אונטער דער בריק און דאָרט פאַרזיכטיק אָבסערווירט די מענטשן. אויף דער טראַמוויי־סטאַציע זענען געשטאַנען עטלעכע פּערזאָן. פונעם דער־נעבנדיקן שפּיטאָל האָבן זיך דערטראָגן די קלאַנגען פון אַ דייטשער ראַדיאָ־רעדע. פון יענער זייט בריק האָט אַ הענדלערין אויסגעלויבט אירע עפּל.

— איך מיט זאַמבאַלן וועלן דאָ צוואַרטן. דו, זבישעק, וועסט שטיין אויף אָבסערוואַציע הינטער דער בריק, אין דער זייט פון שפּיטאָל און דו, זענעק, פון דער צווייטער זייט. אין פאַל פון עפּעס, זאָלט איר אַ פייף טאָן, — האָט פּאַוועל כמעט באַפוילן.

זבישעק איז אַוועק אויפן אָנגעוויזענעם אָרט, אָנגעשפּאַרט זיך אין אַ מויער און אָבסערווירט די סביבה. זענעק, פון דער אַנדערער

זייט בריק, האָט זיך געשפּילט מיט וואַרפן שטיינער, כדי אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון די דורכגייער. פּאַוועל און זאַמבאַל האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף די שטיגן, וואָס האָבן אַרויסגעפירט צו דער בריק.

אין עטלעכע מינוט אַרום זענען אָנגעקומען ביטשעק מיט באַלושן, זיי זענען צוגעגאַנגען צו דער חברותא.

— וואָס טוט איר? ווי לעבט איר? וווּ וווינט איר? — האָט ביטשעק געפרעגט, באַמיענדיק זיך נישט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרבייגייער.

— מיר וווינען, מיר וווינען... — האָט פּאַוועל געמורמלט ווי אין פאַרלעגנהייט, — מיר וווינען נישט, מיר דרייען זיך אַרום אויף סאַסקע־קעמפּע.

— מיר נעכטיקן אין חורבות — האָט צוגעגעבן זענעק.

— און איר, וואָס טוט איר? וויפל זענט איר? — האָט זאַמבאַל נישט געקאָנט באַהערשן זיין נייגיריקייט.

— מיר, — האָט ביטשעק אָנגעהויבן — — —

ער האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן. דער פייף פון זבישעקן האָט אָנגעזאָגט אַ סכנה. צוויי זשאַנדאַרן האָבן זיך דערנענטערט. די יינגלעך האָבן זיך תיכף צעשיידט און אַוועק גלייך מיט דער גאַס, ווי זיי וואָלטן ערגעץ־ווו זיך געאיילט. ווען די דייטשן זענען פאַרביי, זענען זיך די יינגלעך ווידער צוזאַמענגעקומען און אַוועק אין דער ריכטונג פונעם פּלאַץ פון די דריי קרייצן.

פּאַוועל האָט ביטשעקן דערציילט ווי אַזוי ס'לעבט זייער „קוואַרטעט", וועגן זייער אַרבעט און פאַרדינסטן.

— מיר האָבן אַ פּוילישע פרוי, פּאַני לאָדזשאַ. זי לאָזט אונדז אַריין ווען ס'רעגנט. זאַמבאַל און זענעק שלאָפן ביי איר אין קעלער. מירביידע נעכטיקן ווו ס'לאָזט זיך: אין אַ קעלער, אויף אַ בוידעם, אַמאָל אויך אין חורבות, מיר גייען אַרום, ווי די ערגסטע שלעפּערס.

און ס׳וועט מיט יעדן טאָג אַלץ ערגער, דער ווינטער דערנענטערט זיך, — האָט ער שווער געזיפצט.

— ביז צו די פּרעסט וועט זיך די מלחמה אפשר ענדיקן... און דערווייל לאָמיר אַלע גיין צו דער „באַבטשע“, — האָט ביטשעק רויק געזאָגט. — דאָס איז אַ גוטע אַלטיטשקע, ביי וועלכער מיר נעכטיקן. זי וועט אייך אויך אַריינלאָזן.

— אונדז אויך ? — האָבן די יינגלעך געפרעגט, נישט גלויבנ־דיק זייערע אייגענע אויערן.

— יאָ, זי וועט אייך זיכער נישט לאָזן אויף דער גאַס. מיר זענען געווען פינף, וועלן מיר זיין ניין.

די יינגלעך פון סאָסקע־קעמפּע האָבן אויסגעהערט מיט אָפענע מיילער. זיי האָבן געשטראַלט פאַר פרייד. ביטשעק האָט ווייטער גערעדט :

— מיר וועלן גיין אויפן פּלאַץ פון דריי קרייצן און איך וועל אייך באַקענען מיט די איבעריקע. איך וועל אייך אַלץ זאָגן, ווייזן וואָס איר האָט צו טאָן, ווו איר דאַרפט זיך אַוועקשטעלן. איר האָט עפּעס געלט אויף איינצוקויפן פּאַפּיראָסן ?

— מיר האָבן, מיר האָבן — האָט זענעק זיך אַרויסגעכאַפּט.

— איז פיין, וועלן מיר קויפן אַ ביסל „סוואַיאַקעס“. אַז ס׳וועט גוט אַוועק, וועט איר זיך קויפן פירמאָווע, און דאָס מסחר וועט גיין אַ גאַנג, — האָט ביטשעק זיי צוגעגעבן מוט.

זיי האָבן זיך דערנענטערט צום פּלאַץ. ביטשעק האָט ווייטער געגעבן אינסטרוקציעס :

— און איצט, יינגלעך, יעדער באַזונדער, העכסטנס צו צוויי. צו קיין „אונדזעריקן“ זאָלט איר נישט צוגיין. איך וועל זיי אייך אָנווייזן ווען מיר וועלן זיי פאַרבייגיין. רעדן וועלן מיר קאָנען ערשט אין אָוונט, ביי דער „באַבטשע“.

ביטשעק און פּאַוועל זענען געגאַנגען פאָרויס. עטלעכע מעטער

הינטער זיי זענען געגאַנגען זענעק און זבישעק. זאַמבאַל האָט זיך געשלעפּט ווייטער פון זיי און נעבן אים — באַלוש.

— זעסט, דאָרט הינטער דער מויער שטייט אַ ייִנגל מיט פּאַפּיראָסן? ער איז זיכער אַן „אונדזעריקער", — האָט זענעק אַ שטופּ געטאָן זבישעקן.

— כ׳וועל צוגיין און אַריינקוקן אים גלייך אין די אויגן. אויב ער וועט אָנמאַכן אין די הויזן, איז אַ סימן, אַז ער איז אַן „אונדזעריקער", — האָט זבישעק געזאָגט און געמאַכט עטלעכע טריט. זענעק איז אים נאָכגעשפּרונגען, אָנגעכאַפּט פאַרן אַרבל און צוריקגעצויגן.

— אידיאָט, ווילסט אים פאַרשיטן? — האָט ער אים געמוסרט.

זיי זענען געגאַנגען ווייטער אין דער ריכטונג פון קאָשטשאָל פון הייליקן אַלעקסאַנדער. אין אַ נישע איז דאָרט געשטאַנען קולאַס מיט אַ פּעקל פּאַפּיראָסן. ווען ער האָט דערזען אַדורכגיין ביטשעקן מיט אַ פרעמד ייִנגל און געוואָלט אויף זיך ציען זייער אויפמערקזאַמקייט, האָט ער אָנגעהויבן צו רעקלאַמירן זיין סחורה: „סוואָיאַק", „סוואָיאַק", „אויפן שטיק און אויף פּאַק"!

ביטשעק האָט מיט אַ ווונק אים געגעבן אַ סימן, אַז ער זעט אים.

— דאָס איז אַן „אייגענער", מיר רופן אים קולאַס, — האָט ער אינפאָרמירט פּאַוועלן.

זיי זענען ווייטער געגאַנגען. פּלוצלינג איז זענעק, צוגעשפּרונגען צו זבישעקן:

— זעסט, ווידער אַן „אונדזעריקער".

— גאָט מיינער, וואָס טוט זיך דאָ? ס׳איז דאָך שוין באַלד ווי אַ מאָל אויף נאַלעווקעס? — האָט זבישעק געשעפּטשעט.

ביטשעק האָט זיך אויסגעדרייט צו זיי:

— גיט מיר צו 10 זלאָטעס אויף פּאַפּיראָסן. איך וועל אייך באַלד ברענגען.

די יינגלעך האָבן שנעל אַרויסגעשלעפּט זייערע גראַשנס און אָנגעהויבן צו ציילן.

— און ווו איז דער פּערטער? — האָט ביטשעק געפרעגט.

די יינגלעך האָבן זיך אומגעקוקט.

— אָ, דאָרט גייט ער מיטן קליינעם יינגל, — האָט זענעק אָנגעוויזן.

— דאָס איז אונדזער באַלוש — האָט ביטשעק אינפאָרמירט און איז אַוועק צו זיי.

— גיב 10 זלאָטעס, וועל איך דיר קויפן אַ ביסל פּאַפּיראָסן, דו זאָלסט האָבן מיט וואָס צו האַנדלען, — האָט ער זיך געוואָנדן צו זאַמבאַלן.

— איך האָב נישט אַזוי פיל געלט, — האָט זאַמבאַל געענטפערט אין פאַרלעגנהייט.

— טאָ גיב וויפל דו האָסט, דאָס איבעריקע וועל איך דיר באָרגן — איז געווען ביטשעקס פאָרשלאָג.

— דאָ האָסטו פון מיר אויך, — האָט באַלוש דערלאַנגט די 2 זלאָטעס, וואָס ער האָט פאַרדינט יענעם טאָג.

אין אַ שעה אַרום האָבן די ניי־אָנגעקומענע יינגלעך זיך שוין אַרומגעדרייט אויפן פּלאַץ מיט פּודעלעך פּאַפּיראָסן אין די הענט און נישט דרייסט אויסגערופן: פּאַפּיראָסן, פּאַפּיראָסן!

פון אָנהייב איז זיי געגאַנגען גאַנץ שווער, זייערע באַוועגונגען זענען געווען אומזיכערע, זיי האָבן נישט געוווּסט ווו און ווען אונטערצוקומען, זוי אַזוי צוצוגעבן חשק צו קויפן, אויף וועלכן אופן צו רימען זייער סחורה.

דערווייל איז דער קליינער באַלוש צוגעגאַנגען צו די ניי־געקומענע און יעדן פון זיי שטיל געפרעגט, צי זיי זענען נישט פון נאַוואָליפּיע־גאַס. זבישעק האָט זיך געפילט געטראָפן דערפון און אים אויסגעזידלט:



„בורעק" און זבישעק. פאָט. 1944



פּאַוועל פּאַרקויפט צייטונגען. פאָט. 1944.

— וואָס? אַוועק, דו ראָצער, וואָרום כ׳וועל דיר באַלד דער־לאַנגען!

דער קליינער האָט זיך צוריקגערוקט אויף עטלעכע טריט, גע־קוקט אויף זבישעקן מיט תרעומות און איז אַוועקגעגאַנגען.

ווען באָלוש האָט געטראָפן ביטשעקן האָט ער זיך פאַרטרויט פאַר אים כמעט וויינענדיק. „יענער האָט מיך געוואָלט שלאָגן" — האָט ער אָנגעוויזן אויף זבישעקן, וואָס איז געשטאַנען ביים קאָש־טשאָל, אָבער ביטשעק האָט זיך גאָר צעלאַכט.

נאָך עטלעכע שעה האַנדל זענען די יינגלעך אַוועק אויף מיטאָג. אַ טייל איז געגאַנגען אין דער קיך אויף זשוראַוויע־גאַס, די איבע־ריקע — אין דער שטאָטישער גאַזאָווניע. פּאַוועל און זבישעק האָבן אויסגעגעבעטן דאָרט ביי דער באַלעבאָסטע נאָך אַ ביסל זופּ אין בלעכל אַריין — פאַר דעם „עמך".

— נעמט מיך מיט — האָט באַלוש זיך געבעטן — איך וויל אויך זען דעם גרויסן ייד... ער האָט זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַ באַוואָקסענער ייד זאָל זיך האָבן געקענט ראַטעווען. און אפשר איז דאָס עמעצער פון זיין משפחה, און אפשר דער פאָטער — האָט ער געטראַכט.

אין אָוונט זענען זיי אַוועק אויף סאַסקע־קעמפּע. ווען זיי זענען צוגעקומען צום גרוב, האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, דערנאָך ערשט דערלאַנגט דעם „עמך" דאָס בלעכל מיט דער זופּ. ער האָט עס אַראָפּגעשלונגען מיט אימפּעט, און דערנאָך געוואָרפן אַ פאַרדעכטיקן בליק אויפן נייעם קליינעם גאַסט.

באַלוש האָט אויסגעשטרעקט צו אים זיין קליין הענטל אויף באַגריסונג:

— איך האָב פאַר אייך אַ מתנה — האָט ער געזאָגט און אַרויסגעצויגן פון אונטער זיין צעריסן פוטערל אַ לעבל ברויט.

„עמך" איז געווען איבערראַשט און געוואָלט עפּעס זאָגן. ער האָט אָבער נישט געקאָנט אַרויסברענגען פון זיך קיין וואָרט. טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן — אפשר צום ערשטן מאָל נאָך אַזאַ לאַנגע צייט. לאַנג האָט ער געטראַכט, וויאַזוי ס׳איז אין דעם קינד געבוירן געוואָרן דער געדאַנק וועגן דער מתנה. ער האָט זיך געפילט קלענער פון דעם קליינעם באַלוש.

די יינגלעך זענען צוריק אַוועק צום האַנדל אויפן פּלאַץ פון דריי קרייצן. אין דעם טאָג האָבן זיי שוין געהאַט עטלעכע צענדליק זלאָטעס ריווח. פון גרויס צופרידנקייט האָבן זיי פאַר יעדן איינעם פון דער „באַנדע" געקויפט אַ טשאַסטעס. ס׳איז זיי שוין לאַנג אַזוי גוט נישט געווען.

— אַך, ס׳זאָל שוין שטענדיק אַזוי זיין, — האָט זאַמבאַל אָפּגעזיפצט.

— קוק, ס׳וועט מסתמא זיין אַ רעגן, — האָט זענעק אָנגעוויזן אויפן פאַרכמאַרעטן הימל, — און וואָס וועט זיין מיטן שלאָפן?



„זאַמבאַל" מיטן קליינעם ברודער. פאָט. 1943



„קינאַל" און „זאַמבאַל". פאָט. 1944

אין דעם מאָמענט איז צוגעקומען ביטשעק:

— וועגן וואָס רעדט איר? וועגן נאַכטלעגער? זאָרגט זיך נישט, מיר וועלן אַלע גיין צו דער „באַבטשע".

זיי זענען אַוועק צו דער קרוטשע־גאַס. ביטשעק מיט זענעקן זענען געגאַנגען פאָרויס. ווען זיי זענען אָנגעקומען, האָט דער הויז־וועכטערינס משוגענע טאָכטער גענומען שרייען:

— יעזוס מאַריאַ! וויפל זענט איר?

— ס'מאַכט נישט אויס, מיר וועלן געבן אויף פּראָשקעס — האָט ביטשעק זי באַרויקט. די ייִנגלעך האָבן שנעל אַרויסגענומען צו זלאָטעס און איר דערלאַנגט. זי איז געשטאַנען אין דער טיר, צוגענומען דאָס געלט און זיי איינציקווייז אַריינגעלאָזט אינעווייניק. די משוגענע האָט צוגעשטעלט אַ לייטער צו דער אַנטרעסאָלע:

— נו, קריכט אַרויף, שמענדריקעס...

די ייִנגלעך האָבן זיך געלאָזט צום לייטער און אין איין אויגנבליק זענען זיי אַלע געווען אין דער הייך. אין עטלעכע מינוט אַרום איז אָנגעקומען די „באַבטשע״. ווען זי האָט דערזען די ענגשאַפט אויף דער אַנטרעסאָלע, האָט זי אָנגעהויבן צו שרייען:

— העי, וויפל זענט איר דאָרט? איר האָט נאָך נישט באַצאָלט און איר זענט שוין אויבן! די מינוט זאָלט איר אַראָפּקריכן!

— באַבטשע, שטילער, מ׳וועט באַלד דערליידיקן — האָט ביטשעק זי איינגעשטילט.

ער האָט צונויפגענומען צווישן די ייִנגלעך געלט און אַראָפּ־געטראָגן דער אַלטער.

— נו, איר זעט? אַלץ איז אין אָרדענונג, באַבטשע. מיר זענען אָרנטלעכע ייִנגלעך — האָט קולאָס פון דער הייך צו איר אַראָפּ־געדעדט.

— איר זאָלט נאָר דאָרט נישט אַרומבראַיען, און נישט מש־תין זיין אויף דער פּאָדלאָגע, וואָרעם כ׳וועל אייך אַרויסיאָגן צו אַלדע טייוול! — האָט די אַלטע פאַרענדיקט איר געוויינלעך לידל און זיך געלייגט שלאָפן אויפן טאַפּטשאַן צווישן די שמאַטעס.

✶

מער־ווייניקער אין דער זעלבער צייט, האָבן זיך אין דער גרופּע אָנגעשלאָסן נייע ייִנגלעך.

אין אַן אָוונט, סוף אָקטאָבער 1943, איז פּאַוועל געקומען אויף טאַרגאָווע־גאַס און באַמערקט אַ ייִדיש ייִנגל פון אַ יאָר 14. ער האָט אים געדענקט פון דער שמוגל־צייט אין געטאָ. דאָס ייִנגל האָט גע־האַט אַ הונדערט־פּראָצענטיק אַרישן אויסזען. די נאָז, די בלאָנדע האָר, וואָס זענען אים געפאַלן אין די אויגן, האָבן גיכער דערמאָנט אַ שגץ, אַן אַנדרוס פון פּאַווישליע, איידער אַ געוועזענעם תושב פון

געטאָ. די ייִנגלעך האָבן אָנגעהויבן שמועסן, זיך אויסגעפרעגט וועגן די לעבנס־באַדינגונגען. דעם טאָג האָט דאָס באַגעגנטע ייִנגל גראָד פאַרלוירן זיין „מעלינע" און זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן זוכן אַ ווינקל. פּאַוועל האָט אים אַוועקגעפירט אויפן פּלאַץ פון דריי קרייצן. ביטשעק האָט אָנגעקוקט דעם ניי־געקומענעם און אַ פאַר־וווּנדערטער געפרעגט. — אויך אַן „אונדזעריקער" ?

פּאַוועל האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער איז אים באַקאַנט. די קינדער האָבן נישט געוואָלט גלייבן אין זיין ייִדישקייט.

אין אַ שעה אַרום איז דאָס ייִנגל, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס יורעק [19], געגאַנגען צוזאַמען מיט די איבעריקע צו דער „באַב־טשע" און נאָכן דערליידיקן די נאָרמאַלע געלט־„פאָרמאַליטעטן" זענען די ייִנגלעך אַרויפגעקראָכן אויף דער אַנטרעסאָלע.

— ווען ביסטו אַנטלאָפן פון „געטנדל" * ? — האָט קולאַס געפרעגט יורעקן.

— איך... — האָט דאָס ייִנגל אָנגעהויבן. אָבער באָלוש האָט איבערגעריסן מיט אַ פּלוצלונגדיקער פראַגע :

— אפשר ביסטו פון נאָוואָליפּיע ?

— ער איז שוין ווידער דאָ מיט זיין נאָוואָליפּיע ! זייַ שטיל און הער זיך צו ווען עלטערע רעדן, — האָט ביטשעק אים געמוסרט.

באָלוש האָט אַ באַליידיקטער זיך געלייגט אין ווינקל און צוגעדעקט מיטן פוטערל.

— ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן — האָט יורעק גענומען דערציילן, — האָבן מיר זיך איבערגעצויגן קיין אָטוואָצק, אין דאָר־טיקן געטאָ. איך האָב געשמוגלט שפּייז קיין וואַרשע. אָפט האָב איך אויך געפירט בריוו קיין וואַרשע און צוריק. ס׳האָט געטראָפן, אַז כ׳פלעג אויסטרינקען צוואַנציק גלעזער טיי אַ טאָג ביי די מענטשן,

---

* געמיינט : געטאָ.

ווען איך האָב צוגעשטעלט בריוו פון זייערע נאָענטע. איך האָב גוט פאַרדינט און אַלע אין שטוב האָבן געלעבט דערפון.

— נו, דאָס זענען אַלטע מעשות — האָט זענעק איבערגעריסן.

— אַלע האָבן מיר זיך דעמאָלט אַזוי געדרייט — האָט זאַמבאַל צוגעגעבן. — דערצייל וואָס דער סוף איז געווען.

מיט נייגעריקייט האָבן די פּאַפּיראָסן־הענדלער אויסגעהערט יורעקס דערציילונג וועגן דעם, וואָס שפּעטער איז פאָרגעקומען. דערציילט האָט ער וועגן דער אינטערעסאַנטסטער און שרעקלעכסטער צייט אין געטאָ.

בעת דער „אַקציע" אין אָטוואָצקער געטאָ (אויגוסט 1942) האָבן די עלטערן באַפוילן יורעקן צו אַנטלויפן:

— דו מוזסט זיך ראַטעווען, זאָל כאָטש בלייבן דער נאָמען פון דער משפחה — האָט דער פאָטער געזאָגט.

יורעק האָט אויסגענוצט אַ געלעגנהייט און איז אַנטלאָפן צו פּוילישע באַקאַנטע אין וואַרשע. ער האָט זיך דערוווּסט אַז אויף נאַרבוטאַ־גאַס איז פאַראַן אַ יידישע „פּלאַצוווקע" האָט ער אָנגעהויבן אַריינברענגען עסן פאַר די אַרבעטער. יעדע פאָר טעג איז ער גע־גאַנגען מיט זיי אין געטאָ. דאָרט האָט ער געטראָפן אַ באַקאַנטן, ד"ר לעווי פון אָטוואָצק, וואָס האָט צו יענער צייט אָרגאַניזירט אַ קאַמפּס־גרופּע פאַר ווידערשטאַנד קעגן דער „אַקציע". ער האָט אויסגענוצט יורעקס באַהאַוונטקייט אויף דער „אַרישער זייט" און תיכף אים באַ־שטימט אַלס זיין פאַרבינדלער, און האָט אים אָנפאַרטרויט גרעסערע סומעס געלט איינצוקויפן געווער.

אין דער פרי פלעגט יורעק אַרויסגיין אויף דער „אַרישער זייט" צוזאַמען מיט די יידישע אַרבעטער און דאָרט האָט ער אויף די אַדרעסן, וואָס ד"ר לעווי האָט אים אָנגעוויזן, באַקומען געווער. אין אַ מיליטערישן רוקזאַק האָט ער איבערגעטראָגן צו 3—2 רעוואָל־ווערן צום הויזוועכטער אויף מוראַנאָווסקע־גאַס 6. פון דאָרט האָט אַן אַנדערער פאַרבינדלער זיי איבערגעפירט דורך אַ ספּעציעל־

אויסגעהוילטן טונעל אין געטאָ אַריין (מוראַנאָווסקע־גאַס 5). אין אָונט פּלעגט ער צוזאַמען מיט די „פּלאַצוווקע״־אַרבעטער זיך אומקערן אין געטאָ.

בעתן אויפשטאַנד אין געטאָ איז ד״ר לעוויס גרופּע אַרויס דורך די חורבות אויף נאַלעווקעס און פון אַ באַהעלטעניש געלויערט אויף אַ דייטשן פּאַטרול. יורעק האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די קאַמפן.

סוף מאַי האָט זיך אויסגעלאָזן די אַמוניציע און לעבנסמיטל, די סיטואַציע איז געוואָרן האָפנונגסלאָז. די קאַמפּס־גרופּע האָט באַשלאָסן אַרויסצושיקן יורעקן אויף אויסצופאָרשן די מעגלעכקייטן אַרויסצובאַקומען זיך פון געטאָ.

נאָך אַ לאַנגדויערנדיקן זוכן דעם אַרויסגאַנג פון קאַנאַל האָט יורעק זיך אַרויסבאַקומען אויף אַלטשטאָט און דאָרט זיך פאַרבונדן מיט פּוילישע שמוגלערס. אין עטלעכע טעג אַרום זענען זיי דורך די קאַנאַלן אַוועק פון אַלטשטאָט אין געטאָ אַריין, אויפן געביט פון די „בערשטער״ און פון דאָרט אַרויסגעפירט אַ יידישע משפּחה. צו מאָרגנס זענען זיי אָנגעקומען אין בונקער פון ד״ר לעוויס גרופּע אויף באָניפראַטן־גאַס נומער 11. יורעק האָט דאָרט געטראָפן בלויז דריי פּערזאָן, וואָס האָבן מורא געהאַט אַרויסצוגיין אויף דער אַרישער זייט. די איבעריקע, דערין דער ד״ר לעווי, האָבן מיט עטלעכע שעה פריער פאַרלאָזט דעם בונקער מיט דער הילף פון קאַנאַליזאַציע־אַרבעטער. יורעקן האָט זיך איינגעגעבן צוצורעדן איינעם פון די דריי, אַז ער זאָל פאַרלאָזן דאָס געטאָ, די איבעריקע האָבן זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט.

נאָכן אַרויסגיין פון געטאָ, האָט יורעק אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט פורמאַנעס, וועלכע ער האָט געהאָלפן אין דער אַרבעט ביים איבערפירן דורך אומוועגן, פּאַסאַזשירן פון פּלאַץ זאַמקאָווי ביזן דאַנציקער וואָקזאַל (די טראַמוויי־קאָמוניקאַציע האָט בעת דעם אויפשטאַנד נישט פונקציאָנירט אויף דער ליניע). בעת איינער אַזאַ נסיעה

האָט אים באַמערקט זיין פאַרמלחמהדיקער חבר, וולאַדעק [20]. יענער האָט געהאַנדלט מיט פּאַפּיראָסן אויף די טראַמווייען, ביים זאַקסישן גאָרטן און לעצטנס — אין האָטעל פּאָלסקי אויף דלוגע־גאַס 29. וולאַדעק האָט פאָרגעלייגט יורעקן, אַז זיי זאָלן האַנדלען צוזאַמען אין האָטעל, ווו די דייטשן האָבן איינגעאָרדנט אַ דורכגאַנגס־פּונקט פאַר יידן, וואָס האָבן כלומרשט געזאָלט עמיגרירן אין נייטראַלע לענדער. אַ סך יידן, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אויף דער אַזויגערופענער „אַרישער זייט״, האָבן זיך געלאָזט פאַנגען אין דער דייטשער נעץ: זיי האָבן זיך געמאָלדן אין האָטעל פּאָלסקי „אויף צו עמיגרירן״.

יורעק און וולאַדעק זענען אַוועק צום דירעקטאָר פון „דזשאָינט״, גוזשיק (אַ געוויסע צייט האָט ער זיך אויך געפונען אין האָטעל „פּאָלסקי״) מיט דער ביטע, אַז מען זאָל זיי אַרויסשיקן קיין אויסלאַנד. דירעקטאָר גוזשיק האָט זיי אָבער אָפּגעראָטן, און געגעבן זיי צו 500 זלאָטעס און געעצהט צו פאַרלאָזן דעם האָטעל.

די יינגלעך האָבן אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט פּאַפּיראָסן אין די עלעקטרישע באַנען אויף דער ליניע אָטוואָצק־זשיראַרדאָוו און דערביי נישט שלעכט פאַרדינט. וולאַדעק האָט געגעכטיקט אין אַ קעמערל פאַר קראָליקעס ביי אַ באַקאַנטן אין אָטוואָצק. יורעק איז אַוועק אויפן פּאָוואָנזקער צמענטאַזש און דאָרט געפונען אַן אָרט צום שלאָפן אין קבר פון דער פאַמיליע הערזע (אַ באַקאַנטע סוחרישע פאַמיליע אין וואַרשע). צווישן דעם צודעק אין דער האַלבקיילעכדיקער וואַנט פון דער מצבה איז געווען אַ פרייער רוים, אַ מין נישע, ווו ער האָט גענעכטיקט. גאַנץ פרי פלעגט ער אַרויסגיין פון קבר און וואַשן זיך ביי אַ ברונעם, וואָס האָט זיך געפונען דערנעבן. דערנאָך איז ער אַריבער דעם פאַרקאַן, אַוועק אין שטאָט, איינגעקויפט אַ זאַפּאַס פּאַפּיראָסן און געלאָפן צום צוג, אין וועלכן ער האָט געהאַנדלט. סוף סעפּטעמבער איז וולאַדעק אַנטדעקט געוואָרן אין אָטוואָצק דורך אַ שכן פון זיין באַלעבאָס. איז ער דעמאָלט אַוועק צו יורעקן, און פון דאַן אָן האָבן זיי צוזאַמען גענעכטיקט אויפן צמענטאַזש. ביי טאָג האָבן



יורעק (אין מיטן) פאַרקויפט פּאַפּיראָסן אויפן מזרח־וואָקזאַל. פאָט. 1944

זיי זיך געהאַלטן פון דער ווייטנס. מיטאָגצייט פלעגן זיי זיך באַגעגענען אין פאַרשידענע גאָרקיכן אין שטאָט. נישט איין מאָל זענען זיי געוואָרן פאַרהאַלטן אין צוג דורך „באַנשוצן" אָדער זשאַנדאַרן, וואָס האָבן ביי זיי צוגענומען די פּאַפּיראָסן.

איין מאָל, אין אַן אָקטאָבער טאָג פון 1943, איז וואָלאַדעק באַלד אין דער פרי אַרויס פון קבר און אַוועק אין שטאָט אַריין. יורעק איז געוועזן מיד, ער איז נאָך געשלאָפן עטלעכע שעה. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער באַמערקט, ווי עס פאָרן זיך עטלעכע מענטשן ביי די בלומענטעפּ נעבן קבר. ער איז שנעל אַרויסגעשפּרונגען פון דער נישע און אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. די מענטשן, ווייזט אויס אַ משפּחה פון פאַרשטאָרבענעם, זענען פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק און אָנגעהויבן צו שרייען.

די „מעטע" איז דורכגעפאַלן, אָבער אין קומענדיקן אָוונט, אַז

זיי האָבן נישט געקאָנט געפינען קיין אַנדער נאַכטלעגער, זענען זיי ווידער געקומען אויפן צמענטאַזש און געלייגט זיך שלאָפן אין אַן אַנדער פאַמיליע־קבר — פון די קוטשינסקיס.

דערווייל האָט מען וועגן דעם פאַל אויפן צמענטאַזש צוויסן געטאָן דער פּאָליציי און זי האָט אָנגעהויבן אָבסערווירן דעם גאַנצן שטח פון פּאָוואָנזקער קאַטוילישן בית־עולם. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די יינגלעך באַמערקט ווי פּאָליציאַנטן דרייען זיך צווישן די ביימער. לכתחילה האָבן זיי געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז זיי קלויבן קאַשטאַנעס. זעענדיק אָבער אַז די פּאָליציאַנטן גנבענען זיך אונטער, האָבן זיי אָנגעהויבן אַנטלויפן. די פּאָליציאַנטן האָבן זיי נאָכגעיאָגט. זענען זיי צוגעלאָפן צו דער מויער, אַריבערגע־שפּרונגען און אַריין אין אַ דורכפאָרנדיקן טראַמוויי. פון דאַן אָן האָבן זיי זיך שוין נישט געקאָנט מער באַווייזן אויפן צמענטאַזש.

דעמאָלט טאַקע האָט יורעק באַגעגנט די פּאַפּיראָסן־פאַרקויפער. וולאַדעק ווידער האָט נאָכן איבערנעכטיקן עטלעכע מאָל אין חורבות, אָנגעטראָפן אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, פון מיענדזילעשיע נעבן וואַרשע, וועלכער האָט מסכים געווען צו נעמען אים צו זיך אויף נאַכט־לעגער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך אויך יורעק אַהין איבער־געטראָגן און זיי האָבן ווידער אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט פּאַפּיראָסן אין די עלעקטרישע צוגן. פון צייט צו צייט פלעגן זיי קומען אויפן פּלאַץ פון דריי קרייצן צו די אַנדערע יינגלעך, זעען ווי ס׳לעבט זיך זיי דאָרט און הערן עפּעס נייעס.

מער ווייניקער אין דער זעלביקער צייט, האָט ביטשעק זיך אַרומ־געדרייט מיט קולאָסן אין רוזשיצקיס באַזאַר און האָט פּלוצעם דער־פילט, אַז עמעצער גיט אים אַ שטופּ. ער האָט אַ צאַפּל געטאָן פון שרעק און באַלד דערפילט אַ צווייטן שטופּ, דאָס מאָל אַ שטאַרקערן. האָט ער זיך אומגעקוקט און געבליבן פאַרגליווערט פון איבער־ראַשונג: פאַר אים איז געשטאַנען קינאָל, שמוציק, אין אַ צעריסענער רוסישער פופייקע, אין געלעכערטע גרויסע פויערישע שטיול.

— פון וואַנען קומסטו אַהער ? — האָבן די יינגלעך אין איין קול אַ פרעג געטאָן.

זיי זענען אַריין אין אַ טויער און דאָרט האָט קינאָל בקיצור דערציילט זיינע איבערלעבונגען אויפן דאָרף. דאָס מזל צו אַרבעטן אַלס פּאַסטעך ביי די קי האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען אים אָנגעהויבן חושד זיין, אַז ער איז אַ ייד. און ווען איין קו האָט דורס געווען אַ צווייטע, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער באַלעבאָס וועט אים נישט מוחל זיין, איז ער גלייך פון פעלד אַנטלאָפן קיין וואַרשע. אין דער גרויסער שטאָט איז לייכטער געווען זיך צו באַהאַלטן, ווי אויפן דאָרף.

— און פאַר וואָס האָסטו אונדז נישט געזוכט ? — האָט קולאָס געפרעגט.

— ווו האָב איך אייך געזאָלט זוכן ? כ׳בין געווען ביי פרוי קאַ־לאָטאַ, וויס זי גאָרנישט וועגן אייך. איך האָב שוין געמיינט, אַז איר זענט אַלע אַריינגעפאַלן.

— מיר זענען נישט אַזעלכע פרייערס — האָט ביטשעק פריילעך געענטפערט.

זיי זענען אַוועק מיט אים אין „באָד" ער זאָל זיך אויספּאַרען און אָפּרייניקן פון די לייז.

ביטשעק האָט אים געגעבן זיינס אַ העמד, קולאָס האָט אים גע־ברענגט אַ סוועטער, און אַזאַ אויסגעסטראָיעטן האָבן זיי אים אַוועק־געפירט אויפן פּלאַץ. דאָרט האָט אים ביטשעק באַזאָרגט מיט פּאַ־פּיראָסן און באַשטימט אַן אָרט אויף עק נאָווי־שוויאַט, נישט ווייט פון דייטשן רעסטאָראַן „פיר יאַרעסצייטן". נאָכן באַקומען „איג־סטרוקציעס" האָט קינאָל אָנגעהויבן צו האַנדלען.

ער האָט זיך באַמיט תמיד צו זיין נאָענט פון ביטשעקן. ביסלעכ־ווייז איז ער געוואָרן ביטשעקס „אַדיוטאַנט", ווי זענעק האָט זיך געווויצלט.

אין דער זעלבער צייט האָט ביטשעק באַגעגנט אין פּראַגע דעם „פּראַנצויז״, וועמען ס׳איז געלונגען צו אַנטלויפן פון פּאָניאַטאָוו. קינאָל ווידער האָט פון ערגעץ געבראַכט צו פירן בורעקן. דאַקעגן משה־סטאַשעק האָט אויף סאָלעץ באַגעגנט יאַשיען, וועלכער ער האָט געקענט פון געטאָ, און זי האָט מיטגעבראַכט האַלינקען. דער קליינער סטאַשעק, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער שטאָט, האָט פאַרבלאָנדזשעט אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן. דאָרט האָט אים ביטשעק דערקענט און אַריינגענומען אין דער גרופּע.

# 16

## צרות מיט באַלושן

אין יענער צייט איז אין מיליטערישן איבערגאַנגס־פּונקט אויף פּרוס־גאַס, עק פונעם פּלאַץ פון די דריי קרייצן, אָנגעקומען אַ גרויסע גרופּע אונגאַרישע זעלנער פונעם מזרח־פראָנט. די ייִנגלעך האָבן זיך געדרייט צווישן די זעלנער, געוואָלט מיט זיי אָנבינדן אַ קאָנ־טאַקט.

— ביי זיי וועט מען קענען עפּעס פאַרדינען — האָט ביטשעק געמאַכט פּלענער.

— אָבער ווי דעררעדט מען זיך מיט זיי? — האָט געפרעגט אַ פוילישע ייִנגל, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן.

זאַמבאַל האָט געאיילט אין נאָענטסטן געוועלב פון שרייב־מאַ־טעריאַלן און געקויפט עטלעכע קאַרטלעך מיט בילדער פון וואַרשע, דערנאָך זיך אומגעקערט צו די אונגאַרן. ער האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט זיי אויפן ווונק. אין אַ צען מינוט אַרום האָט ער שוין געהאַט עטלעכע פּודעלעך אונגאַרישע און דייטשע פּאַפּיראָסן און אַ פּושקע פלייש־קאָנסערוון. איז ער אַוועקגעלאָפן מיט די זאַכן אין שטאָט אַרייַן און גלייך פאַרהאַנדלט זיי פאַר אַ גוטן פּרייז.

דער קאָנטאַקט איז געוואָרן אָנגעבונדן. די ייִנגלעך האָבן גע־האַנדלט מיט די אונגאַרן און געפילט צו זיי אַ מאָדנע סימפּאַטיע, נישט מורא האָבנדיק פאַר זיי. די אונגאַרן האָבן געשענקט די ייִנגלעך פאַרשידענע מיליטערישע זאַכן, ווי: פּאַסקעס, מענאַשקעס, נישט־געניצטע באַנדאַזשן אאַז״וו, דערביי האָבן זיי אין אַ געבראָכענעם דייטש געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיי האָבן שוין גענוג די מלחמה.

אַלע פּאַפּיראָסן־הענדלער פון פּלאַץ און פון דער געגנט האָבן זיך געזאַמלט פאַרן אונגאַרישן עטאַפּ־פּונקט און פאַר גראָשנס געקויפט די פאַרשידנסטע זאַכן.

אַפילו באַלוש פלעגט קומען יעדע עטלעכע שעה אויפן פּלאַץ העלפן די עלטערע קאָלעגן. ער האָט געהאַלטן די איינגעקויפטע פּאַפּיראָסן, געברענגט פּאָסטקאַרטלעך און שרייבפּאַפּיר, באַהאַלטן דאָס פאַרדינטע געלט פון די חברים, אַכטונג געגעבן צי ס׳קומט נישט אָן קיין פּוילישער פּאָליציאַנט, אָדער זשאַנדאַר. נישט איין מאָל איז צווישן די קינדער געקומען צו אַמפּערייען, קריגערייען און אַפילו צו געשלעגן ביים קויפן פּאַפּיראָסן, קאָנסערוון צי אַנדערע זאַכן. אין אַלגעמיין אָבער האָבן יידישע יינגלעך אויסגעמיטן קריי־גערייען מיט די פּוילישע פּאַפּיראָסן־הענדלער. איין זבישעק איז געווען אַן אויסנאַם. ער האָט זיך מיט זיי אַרומגעריסן און נישט נאָכגעגעבן. זיין „ערשטקלאַסיקער אויסזען" און זיין לשון פון אַן עכטן צוואַניאַק, האָבן אים דערביי געהאָלפן.

דער האַנדל מיט די אונגאַרישע זעלנער האָט אַריינגעבראַכט נישקשהדיקע רווחים, זיי האָבן זיך געטיילט אויף אַ קאָלעגיאַלן אופן. אויב ס׳זענען אַרויסגעשוווּמען שטרייט־פראַגן, איז ביטשעק געווען דער פּוסק־אַחרון. דאָס פאַרדינטע געלט פלעגן זיי אויסגעבן אין זעלבן טאָג אויף עסן, אָדער נאַשוואַרג, ווי אויך אויף „לאַכעס" (קיין אָפּגעטראָגענע מלבושים האָט נישט געפעלט). צו ביסלעך האָבן זיי באַקומען אַנדערע פּנימלעך, די בלאַסע בעקלעך האָבן אַרויפּ־געצויגן קאָלירן. זייער איינפּאַלערישקייט און פּעיקייטן אין האַנדל, האָט אָפּט מאָל אַרויסגערופן קנאה און חשד ביי די פּוילישע יינגלעך. זיי האָבן געוואָרפן שטעכווערטלעך:

— יידישע קעפּעלעך...

ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרטשעפּען די קלענערע יידישע קינדער, וועלכע האָבן געזוכט שוץ ביי די על־טערע. אַממערסטן האָבן זיי זיך געטשעפּעט צום קליינעם באַלוש.

זייט ס'איז פאַרשווונדן געוואָרן זיין קליינע חברטע, האָט ער אויפגע־הערט מיט די „געזאַנג־אויפטריטן" זיינע אין די טראַמווייען, און גאַנצע טעג זיך אַרומגעוואַלגערט אויפן פּלאַץ.

די טראַמוויי־אַרבעטער, וואָס האָבן דאָ אויפן פּלאַץ געהאַט זייער לעצטע סטאַציע, אַזוי אויך די הויזוועכטער, האָבן אים גוט געקענט און נישט איין מאָל אים מכבד געווען מיט אַ זופּ, אָדער מיט עפּעס אַ געשמאַקן ביסן. ער פלעגט זיצן ביי זיי שעהענווייז און וואַרעמען זיך ביים אויוון. אין זיין נאַיִוקייט האָט ער אַפילו זיך אַרויסגעכאַפּט פאַר עמעצן, אַז ער איז אַ ייִד. בקרוב איז דער סוד זיך פונאַנדער־געגאַנגען איבערן גאַנצן פּלאַץ.

איין מאָל האָט מען ביי באָלושן צוגענומען די פּאַפּיראָסן. אַ פאַרווייִנטער איז ער געקומען צו לויפן צו ביטשעקן.

— ווייז מיר, ווער האָט דיר צוגענומען? — האָט ביטשעק געפרעגט.

— דער אין דער קורטקע — האָט באָלוש, אַ וויינענדיקער, אָנגעוויזן.

ביטשעק איז צוגעלאָפן צום יינגל און צוריקגענומען ביי אים די פּאַפּיראָסן.

— אויב דו וועסט אים נאָך איין מאָל אָנרירן, וועל איך דיר די פיס איבערברעכן, — האָט ביטשעק נאָכגעשריגן דעם אַנטלויפנדיקן.

אַזעלכע סצענעס האָבן זיך איבערגעחזרט אייניקע מאָל. ווען די פּוילישע יינגלעך האָבן געזען, אַז די עלטערע פּאַרטיידיקן באָלושן, האָבן זיי אָנגעהויבן חושד צו זיין אויך זיי אין ייִדישקייט און זענען זיי דערגאַנגען די יאָרן. די לאַגע איז מיט יעדן טאָג געוואָרן ערגער און די סכנה איז געוואַקסן.

די יינגלעך זענען געוואָרן פאַרזיכטיק, נישט צוגעגאַנגען איינער צום צווייטן, אויסגעמיטן יענע פּוילישע יינגלעך, וועלכע זיי האָבן חושד געווען אין שלעכטע כוונות.

צוליב דער געשפּאַנטער סיטואַציע, האָבן די עלטערע יידישע ייִנגלעך געהייסן באָלושן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ און איבערטראָגן זיך אין אַן אַנדערע געגנט. אַן ווילן איז באָלוש אַוועק אויפן סאָלעץ אין דער קראַנקן־קאַסע און פלעגט איבערזיצן גאַנצע טעג אין וואַרטע־זאַל ביי די וואַרעמע קאַלאָריפערן. נאָר געטריבן דורך בענקשאַפט נאָך די חברים — און אויך צוליבן חשק צו פאַרדינען אַ פּאָר גילדן, ווייל ער האָט זיך שוין צוגעוווינט צו „זעלבסטשטענדיקייט" און צו האָבן אַ ביסל „מזומן" אין קעשענע — פלעגט ער זיך אייניקע טעג שפּעטער ווידער יאַוועז אויפן פּלאַץ. די קינדער האָבן באַשיינפּער־לעך געזען, אַז באָלוש קאָן זיי דערפירן צו אַן אומגליק. האָבן זיי נאָך אַ באַראַטונג באַשלאָסן צונויפזאַמלען 30 גילדן טעגלעך, כדי צו צאָלן דער „באַבטשע" פאַר האַלטן דעם קליינעם אַ גאַנצן טאָג אין דער היים. צו מיטאָג האָט אים ביטשעק געבראַכט זופּ; אין אָוונט, ווען אַלע זענען געקומען נעכטיקן, האָט מען אים געברענגט ברויט מיט פּוטער. באָלוש האָט געוויינט, געבעטן, אַז מען זאָל אים דערלויבן אַרויסצוגיין אין שטאָט און צוגעזאָגט, אַז ער וועט שוין מער נישט קומען אויפן פּלאַץ, ער וועט כסדר זיצן ביי די קאַלאָרי־פערן, אָבער ביטשעק האָט זיך געהאַלטן פעסט ביי זיין באַשלוס:

— זאָל אים די „באַבטשע" נישט אַרויסלאָזן אויף דער גאַס, ווייל איך וועל נישט באַצאָלן, — האָט ער אָנגעזאָגט. דער אָרעמער באָלוש האָט גאַנצע טעג געמוזט ליגן אויף דער אַנטרעסאָלע. ער פלעגט זיך גוט אויסשלאָפן ביי טאָג און ביי נאַכט. ווען די קינדער זענען געקומען נעכטיקן, האָט ער, אַן אויפגעהייטערטער פון זייער געזעלשאַפט, ביז שפּעט אין דער נאַכט זיי פאַרמאַטערט מיט שאלות.

אייניקע טעג שפּעטער האָט די „באַבטשע" זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרנעמען מיט באָלושן, נישט אָנגעבנדיק אַפילו קיין סיבה. האָט ער זיך אַרומגעשלאָנדערט איבער די גאַסן, און אַז ס׳האָט זיך אים פאַרבענקט נאָך אַ נאָענטן, נאָך אַ וואַרעם וואָרט — פלעגט ער צוריק־

קומען אויפן פּלאַץ. דאָרט זענען אים ווידער באַפאַלן די פּוילישע יינגלעך.

גאַנץ בקרוב האָט אַ נייער פּאָרפאַל געצווונגען די יידישע פּאַ־פּיראָסן־הענדלער צו האַנדלען גיך און אַנטשלאָסן:

— זענעקן האָט מען צוגענומען אַ פּודעלע פּאַפּיראָסן — האָט פּאַוועל געזאָגט ביטשעקן.

— ווער?

— דער בלאָנדער וואָס שטייט ביים סקווער. ער האָט געזאָגט, אַז אויב כ׳וועל שרייען, וועט ער אַלעמען דערציילן, אַז כ׳בין אַ ייד,— האָט זענעק דערציילט.

— ער קען דיך? פון וואַנען ווייסט ער?

— כ׳ווייס נישט.

— דו מוזט תיכף נעלם ווערן פון פּלאַץ — האָט ביטשעק באַפוילן — זוך זיך אויס אַן אַנדער אָרט, מינדעסטן אויף עטלעכע טעג.

האָט זיך זענעק מיט זיין ברודער פּאַוועל אַריבערגעטראָגן אויף מאַרשאַלקאָווסקע |עק האָזשע. פון אָנהייב האָבן זיי דאָרט פאַרקויפט פּאַפּיראָסן, דערנאָך שנעל זיך איבערגעוואָרפן אויף פאַרשפּרייטן צייטונגען. 12 אַ זייגער ביי טאָג פלעגן זיי לויפן צו דער רעדאַקציע פון „נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי" אויף מאַרשאַלקאָווסקע, ווו עטלעכע צענדליק פּוילישע יינגלעך האָבן שוין געוואַרט אויף צייטונגען. מיט גאַנצע פּעק אונטער די אָרעמס זענען זיי געשפּרונגען אין די טראַמ־ייען, כדי וואָס שנעלער צו זיין אויף האָזשע־גאַס. די צייטונגען פלעגט מען צעכאַפּן, ווייל אַלע האָבן דערוואַרט ידיעות פון פראָנט. פּאַוועל און זענעק האָבן אויסגערופן פאַרשידענע צוגעטראַכטע ידיעות, כדי צו צוציען די קונים.

אייניקע טעג שפּעטער האָט זיי גאָר צוגעשפּילט דאָס מזל. די פּוילישע אונטערערד האָט אַרויסגעלאָזט אַ ריזיקע אויפלאַגע פון אַ צייטונג אונטערן אָפּיציעלן נאָמען „נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי". אונ־טער פאַרשידענע קעפּלעך, ווי וועגן דעם אַריינטריט פון שפּאַניע

אין דער מלחמה, זענען געווען אָפּגעדרוקט אַנטי־דייטשע אַרטיקלען. איידער די דייטשן האָבן זיך געכאַפּט — אַפילו איידער די פאַרשפּריי־טער אַליין האָבן זיך באַוויזן צו אָריענטירן — זענען די צייטונגען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען איבער גאַנץ וואַרשע. די דאָזיקע עקסטראַ־ביילאַגע האָבן די צייטונג־פאַרשפּרייטער פאַרקויפט אַפילו אויפן הויפּט־וואָקזאַל, אונטער דער נאָז פון די זשאַנדאַרן, וועלכע האָבן גאָרנישט חושד געווען. דער עולם האָט צעכאַפּט די צייטונגען, צאָ־לנדיק פאַר זיי אַ דאָפּלטן און אַפילו אַ דרייפאַכיקן פּרייז. אין אָוונט האָט מען פאַר אַזאַ צייטונג שוין געצאָלט פון 50 ביז 100 זלאָטעס.

יענעם טאָג האָבן פאַוועל און זענעק פאַרדינט מער ווי אין אַ גאַנצן חודש. צו מאָרגנס זענען זיי אַוועק אויף מיטאָג אין אַן ערשט־קלאַסיקן רעסטאָראַן און נאָך מיטאָג געגאַנגען אויפן מאַרק און זיך געקויפט וועש. פאַרן איבעריקן געלט איינגעהאַנדלט אַ זאַפּאַס פּאַ־פּיראָסן, ווייל זיי האָבן פיינט געהאַט צו האַלטן ביי זיך געלט.

אין אָוונט האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט די אַנדערע ייִנגלעך ביי דער „באַבטשע" אויף קרוטשע, אויסגעפּרעגט די נייעסן פון פּלאַץ און דערציילט וועגן זייערע גוטע געשעפטן ביים נייעם „פּאַך".

דערווייל האָט זיך די סיטואַציע אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן פון טאָג צו טאָג פאַרערגערט צוליב באַלושן. מען האָט שוין אָנגעהויבן אָפּן צו דראָען. יעדע מינוט האָט געקאָנט ברענגען אַן אומגליק.

אין יענער צייט האָט זיך איינגעשטעלט מיין פאַרבינדונג מיט די פּאַפּיראָסן־הענדלער. איך בין געווען געענוי אינפאָרמירט וועגן די קלענסטע ענדערונגען, אָדער געשעענישן אויפן פּלאַץ, איך האָב אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט ביטשעקן. אויך אין זש. ק. ב. (יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט) איז דער ענין פון די פּאַפּיראָסן־הענדלער אויף פּלאַץ פון די דריי קרייצן נישט אַראָפּ פון טאָג־אָרדענונג. איך האָב פאַרשטאַנען אַז אין די באַדינגונגען איז נייטיק צו איזאָלירן באַלושן. ליידער, די „מעלינע"־פראַגע איז אָבער געווען

איינס פון די שוועררסטע פּראָבלעמען אין יענער צייט. ס'איז נישט לייכט געווען צו געפינען אַ פּאָליאַק, וואָס זאָל זיין גרייט אויסצו־באַהאַלטן ביי זיך אַ ייד, אַפילו פאַר אַ גרויסן אָפּצאָל. אין אַ גרויסער מאָס האָבן דערויף משפּיע געווען די דראַקאָנישע דייטשע פאַראָר־דענונגען, ווי אויך די גרויסע צאָל אַגענטן און פאָלקס־דייטשן, וואָס האָבן גראַסירט צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג. דער ענין באַלוש איז אָבער געוואָרן דער פּרוּוושטיין פון די קינדערס באַציִונג צו מיר. זייער צוטרוי און גלויבן אין מיר זענען געווען אָפּהענגיק פון אַ געלונגענער לעזונג פון דער פראַגע באַלוש.

סוף כל סוף האָבן מיר אויף אַלטשטאָט געפונען אַן אַלמנה, וועל־כע האָט געלעבט מיט אירע פינף קינדער אין דער שווערסטער נויט. זי האָט מסכים געווען צו נעמען דאָס ייִנגל צו זיך פאַר אַ באַלוינונג. די סאַניטאַרע באַדינגונגען אין איר צימערל זענען געווען זייער נישט קיין געהויבענע, אָבער צוליב דער געשאַפענער סיטואַציע זענען מיר געווען געצוווּנגען צו אַקצעפּטירן איר אָפּערטע. איך בין אַוועק אויפן פּלאַץ נעמען באַלושן אין דער באַגלייטונג פון מיינס אַ מענטש*, וואָס האָט זיך איבערגעטאָן פאַר אַ נאַכטוועכטער. ער האָט געדאַרפט העלפן איבערפירן דאָס קינד פונעם פּלאַץ דריי קרייצן אויף אַלטשטאָט.

ביטשעק, קינאָל און קולאָס האָבן געבראַכט צו פירן באַלושן. די גאַנצע גרופּקע האָט זיך באַהאַלטן אין טויער פון שכנותדיקן הויז. דער קליינער האָט זיך געטרייסלט פון קעלט און פון פּחד. זיי האָבן זיך געזעגנט מיט אים און געקושט. יעדע מינוט איז צו אים צוגע־לאָפן אַן אַנדערער געזעגענען זיך. באַלוש האָט געוויינט, ער האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן פלוצלינגדיקן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ פון דריי קרייצן און דער עיקר — מיטן שיידן זיך פון זיינע חברים און חברטעס.

---

* מענדל ליפּשיץ, אַקטיווער טוער פון דער יידישער אונטערערד.

— האָב נישט קיין מורא. דיר וועט זיכער זיין בעסער ווי אונדז, — האָט ביטשעק געטרייסט זיין מוזינעקל.

— מיר וועלן זיך זען נאָך דער מלחמה — האָט טערעזע צוגעגעבן.

דאָס געזעגענען האָט זיך פאַרצויגן, מיר האָבן זיך אָנגעהויבן דענערווירן.

— שוין גענוג — האָב איך צוגעאיילט.

אין דעם מאָמענט איז זאַמבאַל געקומען צו לויפן, און אַרייַנגעשטופּט באַלושן צוויי ווייסע בולקעס און עטלעכע צוקערלעך. דאָס ייִנגל איז געשטאַנען פאַרגליווערט. ביטשעק האָט נאָך עפּעס אויפגעשריבן אויף עטלעכע קליינע שטיקלעך פּאַפּיר און זיי אים איבערגעגעבן, שעפּטשענדיק אים דערביי עפּעס אויפן אויער. סוף־כל־סוף זענען מיר אַרויס פון טויער. איך בין געגאַנגען פאָרויס, באַלוש — נאָך מיר און אַ ביסל ווייטער איז געגאַנגען דער „נאַכטוועכטער". די איבעריקע קינדער האָבן אונדז באַגלייט מיט זייערע בליקן. אַזוי איז באַלוש מיט זיין „עסקאָרטע" צוגעקומען צו דער אַלטשטאָט, צום באַשטימטן אָרט.

פון די איינגעבויגענע ווענט אינעם קליינעם בוידעם־שטיבל האָט אַראָפּגעהאָנגען שפּינוועב. אין אַ ווינקל אויף דער ערד האָבן זיך געשפּילט עטלעכע קליינע קינדער. זיי האָבן נייגעריק אַרומגערינגלט די אָנגעקומענע.

די מאַמע האָט זיי דערקלערט, אַז זייערס אַ קוזין, וועמענס מוטער איז געשטאָרבן, איז געקומען צו פאָרן פון דאָרף. זי האָט באַלושן געגעבן אַ שטיקל שוואַרץ ברויט און געהייסן אים שפּילן זיך מיט אירע קינדער. דער קלענער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ בעטנדיקן בליק און מיך נישט געוואָלט אַרויסלאָזן. מיט אַ וויינענדיק שטימעלע האָט ער געבעטן, אַז כ׳זאָל מאָרגן קומען צו אים. איך האָב עס אים צוגעזאָגט. דער באַלעבאָסטע האָב איך געגעבן די אָפּגערעדטע סומע און בין אַוועק.

אויף צו מאָרגנס האָב איך אים באַזוכט. באַלד ווי ער האָט מיך דערזען האָט ער זיך מיר געוואָרפן אויפן האַלדז און אויסגע־בראָכן מיט אַ שטאַרק געוויין. כ׳האָב אים צוגעדריקט צום האַרצן און זיך באַמיט צו באַרויִקן.

— וואָס וויינסטו? דיר איז דאָ שלעכט?

אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ לייכטער שמייכל. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס פריערדיקע געוויין איז געווען פון פרייד.

— ס׳איז דאָ גוט, וואַרעם — האָט ער געזאָגט — און וואָס הערט זיך אויפן פּלאַץ?

איך האָב געפילט, אַז ער בענקט נאָך די יינגלעך, נאָך דער פרייהייט, אַפילו נאָך די וואַרעמע קאָלאָריפערן פון דער קראַנקן־קאַסע... אין זיינע אויגן בין איך געווען ווי איינער פון די פּאַ־פּיראָסן־הענדלער. דער איינציקער צווישן זיי, וועמען ער קאָן נאָך זען. בין איך דאָרט געזעסן אַ היפּש שטיקל צייט און גערעדט מיט אים. איך האָב אים געגעבן אַ שול־בוך פאַר אָנפאַנגער, און דאַן אויסגעפרעגט די באַלעבאָסטע וועגן זיין אויפפירונג.

זי האָט מיר דערציילט, אַז ווי נאָר כ׳בין נעכטן אַוועקגעגאַנגען, האָט באַלוש, אַן אומעטיקער, זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און נישט געוואָלט זיך שפּילן מיט די קינדער. ווען זי האָט אים אַריינ־געשטופּט אין האַנט אַ שטיקל שוואַרץ ברויט מיט מאַרמעלאַדע, האָט ער אָן חשק אָפּגעביסן אַ שטיקעלע און די רעשט אַוועקגע־לייגט. — ערשט נאָך דער ערשטער איבערגעשלאָפענער נאַכט ביי אונדז, איז ער געוואָרן היימישער און פריילעכער, זיך אָנגעהויבן צו שפּילן מיט די נייע חברים. איצט ווייסט ער שוין ווי אַלע קינ־דער הייסן און רופט זיי ביי די נעמען.

ביסלעכווייז האָט ער זיך צוגעפּאַסט צו דער נייער סביבה. ווייזט אויס, אַז די דאָרט הערשנדיקע אָרעמקייט, האָט אים דאָס הויז געמאַכט אייגן און היימיש.

דערווייל איז דאָס לעבן ביי די קינדער אויפן פּלאַץ פון דריי

קרייצן געוואָרן נאָרמאַליזירט. דאָס אַוועקנעמען באַלושן האָט אָנט־שפּאַנט די לאַגע, די קינדער זענען געוואָרן דרייסט און ווידער זיך אָנגעהויבן אַמפּערן מיט די פּוילישע יינגלעך וועגן יעדן קונה.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך ווידער באַזוכט באַלושן אויף אַלטשטאָט. דאָס יינגל איז שוין אין גאַנצן געוואָרן היימיש מיט זײַן נייער סביבה, זיך געשפּילט און געקונדסעוועט מיט די אַנדערע קינדער און אַפילו נישט געלייגט קיין אַכט אויף מײַן אַריינקומען.

— נו, וואָס הערט זיך, באַלוש? דו בענקסט נישט צום פּלאַץ? — האָב איך געפרעגט.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דער פּאָדלאָגע און אַ שמייכל געטאָן.

— אַז די דייטשן וועלן מער נישט זיין, וועל איך ווידער אַהינ־קומען, — האָט ער געזאָגט נאָך אַ ווײַלע פאַרטראַכטן זיך. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען פון בוזעם פינף קליינע צעטעלעך און זיי מיר דערלאַנגט. איך האָב זיי באַקוקט, אויף יעדן איינעם האָט זיך בלויז געפונען דער אונטערשריפט פון ביטשעקן.

— דאָס איז פאַר ביטשעקן — האָט דער קליינער געזאָגט.

איך האָב זיך געזעגנט מיט די קינדער און מיט דער באַלע־באָסטע, צוזאָגנדיק בקרוב ווידער צו קומען.

אויף צו מאָרגנס האָב איך ביטשעקן אַוועקגעטראָגן די צע־טעלעך, איך האָב געמיינט, אַז זיי וועלן פאַרטרעטן בריוו, אַז פאַר די יינגלעך וועט דאָס זיין אַ לעבעדיקער גרוס פון קליינעם, ווײַל באַלוש איז נאָך נישט געווען אין שטאַנד צו שרייבן.

דערווײַל אָבער האָבן די צעטעלעך אָנגעמאַכט אַ פּאַניק ביי די פּאַפּיראָסן־הענדלער. זיי האָבן עפּעס געמורמלט צווישן זיך און בייז געקוקט אויף מיר. איך האָב געפרעגט די יינגלעך די סיבה דערפון, האָבן זיי נישט געענטפערט. זיי האָבן אַלע ענגער מיך אַרומ־גערינגלט און זייער דראָענדיק געמורמל, האָט אָנגעהויבן ביי מיר

אַרויסרופן פּחד. איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין די סיבה פון זייער פּלוצלינגדיקן צאָרן.

— אַ בראָך, ס׳איז שוין מסתמא נאָך אונדזער באַלושן, — האָב איך דערהערט קינאַלס שטים.

— אויב דאָס איז אמת, וועלן מיר זיך נאָך אָפּרעכענען מיט דיר! — האָט סטאַשעק געדראָט, אויסשטעלנדיק אויף מיר אַ פּאָר גזלנישע אויגן.

— וועגן וואָס האַנדלט זיך? פאַר וואָס האָט איר זיך דער־שראָקן? באַלוש איז אין בעסטן אָרדנונג, — האָב איך זיך פאַר־טיידיקט, נישט וויסנדיק אייגנטלעך אין וואָס איך ווער באַשולדיקט.

— מיר ווילן בכלל נישט רעדן מיט איך, — האָט אָפּגעהאַקט דער פראַנצויז, וועלכע איז בדרך־כלל געווען אַ שווייגער.

די אַטמאָספער איז אַלץ מער געוואָרן אָנגעשפּאַנט. זבישעק האָט אונטערגעהעצט די יינגלעך. כ׳האָב געזען, אַז איך געפין זיך אין אַ סכנה. יעדער נישט־באַרעכנטער שריט פון די אויפגערעגטע יינגלעך, קאָן ברענגען אַן אומגליק. האָב איך באַשלאָסן אָפּצוציען פון פּלאַץ. אַנטלויפנדיק האָב איך מיט זיך מיטגעשלעפּט ביטשעקן. אָבער אויך ער איז געווען אָנגעכמאַרעט און נישט געוואָלט רעדן. סוף־כל־סוף האָט ער אַרויסגעבורטשעט:

— ווייזט אויס, אַז עפּעס האָט געמוזט געשען מיט באַלושן.

— אָבער וואָס האָט איך דאָס געזאָגט? באַלוש איז צופרידן, ער פילט זיך אויסגעצייכנט! — האָב איך זיך אויפגערעגט. מיינע ווערטער האָבן אים אָבער נישט איבערצייגט.

— איר ווייסט וואָס? — האָט ער ענדלעך געזאָגט — אויב ס׳איז אמת וואָס איר זאָגט, ווילן מיר אים אָנקוקן! ערשט דאַן וועלן מיר זיין זיכער אַז ער לעבט.

יענעם טאָג בין איך געקומען „אַהיים“ אין גאַנצן אַ צעבראָ־כענער. פאַרשידענע השערות האָבן מיך געמאַטערט. איך האָב גוט געקענט די יינגלעך און געוווּסט, אַז אויב איך וועל זיי

נישט באַווייזן, אַז באָלוש לעבט, וועט מיין מיטאַרבעט מיט זיי אויף להבא זיין אוממעגלעך. חוץ דעם קען זייער נקמה ברענגען אַן אומגליק אויף מיין קאָפּ, אַפּילו אויך דאָס פאַרשיטן די אָרגאַניזאַציע.

עס איז געבליבן בלויז איין אויסוועג: מסכים צו זיין אויף ביטשעקס פאָרשלאָג. האָט אָבער דאָס ברענגען עמעצן פון די ייִנגלעך צו באָלושן אויף אַלטשטאָט, געקאָנט גורם זיין אַ געפאַר פון אויסגעבן די „מעלינע". אויף דעם האָט די אָרגאַניזאַציע זיך נישט געקאָנט דערלויבן, צוליבן שרעקלעכן מאַנגל פון דעם מין באַהעלטענישן. מען האָט זיך אויך געדאַרפט רעכענען מיט דער מעגלעכקייט, אַז דאָס עדות־זאָגן פון איין ייִנגל, קאָן אַ מאָל נישט איבערצייגן די אַנדערע.

ס'איז נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג — נאָר צו ברענגען באָלושן אויפן פּלאַץ, הגם דאָס איז געווען זייער געפערלעך.

איך האָב ביטשעקן צו וויסן געטאָן דעם טאָג פון דער באַגעגעניש און דערביי אונטערגעשטראָכן, אַז באָלושן וועל איך ברענגען בלויז אויף פינף מינוט. באָלושן ווידער האָב איך געוואָרנט, אַז ער טאָר קיינעם נישט אויסזאָגן דאָס אָרט פון זיין באַהעלטעניש.

אין דער אָפּגערעדטער שעה בין איך געקומען מיטן ייִנגל אויפן פּלאַץ. מיר זענען אַריין אין אַ זייטיקן טויער. אַלע פּאַפּיראָסן־הענדלער האָבן אים אַרומגערינגלט און געשטעלט שאלות אָן אַ סוף. זיי האָבן געוואָלט וויסן, ווי אַזוי ער לעבט, וואָס ער טוט, צי ס'איז אים גוט.

— און וווּ וווינסטו? — האָט איינער געפרעגט

— דער פּאַן האָט געזאָגט, אַז אויב כ'וועל אויסזאָגן וווּ איך וווין וועט ער מיך נישט צוריק אַהינפירן, — האָט ער געענטפערט.

— און פאַר וואָס האָסטו געגעבן אַלע צעטעלעך מיט אַ מאָל? — האָט ביטשעק געפרעגט.

באָלוש האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. און דאָ האָט זיך אויפגעקלערט פאַר וואָס די ייִנגלעך זענען געווען אַזוי אומרויִק: זאָרגנדיק פאַרן גורל פון באָלושן, האָבן זיי צוגעטראַכט

אַ פּלאַן, וואָס האָט זיי געדאַרפט פאַרזיכערן אַן אומאויפהערלעכע אינפאָרמאַציע וועגן קליינעם, נישט אַרויסרופנדיק דערביי קיין שום פאַרדאַכט ביי מיר:

ביטשעק האָט אים געגעבן פינף צעטעלעך מיט זיין אונטער־שריפט און געהייסן יעדע וואָך איבערשיקן אַ צעטל, אַלס באַוויז, אַז ער לעבט און איז געזונט. באַלוש איז אָבער געווען אַזוי צו־פרידן און איבערגענומען מיט זיינע נייע לעבנס־באַדינגונגען, אַז ער האָט, ווייזט אויס, פאַרגעסן די פּרטים פון זייער הסכם און ער האָט אַלע צעטעלעך איבערגעשיקט מיט אַ מאָל...

ווען די יינגלעך האָבן דערזען דעם גאַנצן אומזין פון זייערע חשדים, האָבן זיי זיך באַמיט צו פאַרענטפערן, אויפצוקלערן און מיך איבערבעטן. פון איצט אָן — האָבן זיי געזאָגט — קאָן איך זיין זיכער, אַז קיין שום זאַך וועט שוין נישט זיין בכוח אונטערצו־גראָבן זייער צוטרוי צו מיר.

די שמועסן מיטן יינגל האָבן זיך פאַרצויגן. ס'איז גאָרנישט געווען קיין סוף צו די קושענישן און האַלדזעני‌שן. איך האָב עס אָבער געמוזט מקצר זיין. די געזעצן פון דער אָקופּאַציע־צייט זענען געווען האַרט און גרויזאַם.

באַלוש האָט זיך אומגעקערט אויף אַלטשטאָט, אָבער אין עטלעכע טעג אַרום, האָט מען שוין געמוזט זוכן פאַר אים אַ נייע מעלינע, ווייל דער באַלעבאָסטעס קינדער זענען קראַנק געוואָרן און כדי באַלוש זאָל זיך נישט אָנשטעקן, האָט מען אים תיכף גע־דאַרפט איזאָלירן.

ווען כ'האָב זיך פאַרטרויט פאַר די יינגלעך מיט די נייע זאָרגן, האָט מיר ביטשעק געהאָלפן אומגעריכט: פאַר אַ געהעריקן אָפּצאָל האָט דער לערער אידזשיקאָווסקי, זיין אַמאָליקער אַפּוטרופּוס, מס־כים געווען צו נעמען באַלושן צו זיך.

מען האָט זיך בלויז געדאַרפט פאַרשטענדיקן וועגן די טעכ־נישע און מאַטעריעלע באַדינגונגען. וועגן דער הויך פון אָפּצאָל איז

מען לייכט אַדורכגעקומען (דער ייד. נאַצ. קאָמ. האָט נישט גע־זשאַלעוועט קיין געלט פאַר אויפזיכט איבער קינדער). ערגער איז געווען מיט אידזשיקאָווסקיס אַנדערע באַדינגונגען: ער האָט מורא געהאַט, אַז דאָס קינד זאָל נישט מיטשלעפּן מיט זיך קיין אומפּליט און פאַרלאַנגט, ער זאָל קומען אַ ציכטיקער און ווי געהעריק אַנגעטאָן.

דער דאָזיקער תנאי האָט קאָמפּליצירט דעם גאַנצן ענין. ס׳איז שווער געווען צו געפינען אַן אָרט, וווּ מ׳זאָל באַלושן קענען „אויס־כשרן". זיין קינפטיקער אַפּוטראָפּוס האָט בשום אופן נישט מסכים געווען אַז די פּראָצעדור זאָל פאָרקומען ביי אים אין שטוב.

סוף כל סוף איז באַשלאָסן געוואָרן אַוועקצופירן דעם קליינעם אין אַן עפנטלעכן באָד.

איך האָב איינגעקויפט אַ פולן קאָמפּלעט וועש, אַן אַנצוגל און שיך לויט זיין מאָס און צוזאַמען מיט ביטשעקן האָבן מיר אים אַוועקגעפירט אין באָד אַריין. ביטשעק האָט אים אויסגעבאָדן און אויסגעריבן, דערנאָך האָט דער קליינער זיך איבערגעטאָן אין די נייע זאַכן.

מיר זענען אַוועק אויף גראָכאָוו. באַלוש, אַ ריינינקער, אין נייעם אַנצוגל, מיט אַ בערעטל אויפן קאָפּ, האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר אידזשיקאָווסקין אַלס באָלעסלאָוו ווראָבלעווסקי — אויף דעם נאָמען איז געווען אויסגעשטעלט זיין פאַלשע מעטריקע. ער האָט זיך זייער שנעל באַפריינדעט מיטן באַלעבאָס׳ זונדל, דעם 8־יאָריקן יאַנושעקן און אָנגעהויבן זיך צו שפּילן מיט אים. אין די אָוונטן האָט ה׳ אידזשיקאָווסקי געלערנט באַלושן לייענען און שרייבן. דער קליינער איז געווען פעיִק און פלייסיק — אין משך פון צוויי חדשים איז ער שוין נישט אָפּגעשטאַנען פון יאַנושעקן, וועלכער האָט שוין געלערנט אין צווייטן קלאַס.

צייטנווייז פלעג איך אים באַזוכן אויף גראָכאָוו, מיטברענגענדיק ביכער און שפּילצייג. וועגן מיינע וויזיטן האָב איך שטענדיק געמוזט אָפּגעבן אַ גענויעם באַריכט די פּאַפּיראָסן־הענדלער.

# 17

## די אַנטשפּאַנונג

— אויפן פעלד הינטער גראַכאָוו באַהאַלט זיך אַן אויפשטענדלער פון געטאָ — מיט די ווערטער האָט מיך באַגעגנט ביטשעק עטלעכע טעג נאָך דעם ווי מ'האָט איינגעאָרדנט באַלושן.

דעם זעלבן אָוונט האָבן די יינגלעך אַראַנזשירט אַ באַגעגעניש צווישן מיר און „עמך" אין וועלדל ביים סקאַרישעווסקי־פּאַרק.

נאָך אַ לענגערן געשפּרעך מיט „עמך" האָב איך אים צוגעזאָגט די מאַקסימאַלסטע הילף (דער ייד. נאַצ. קאָמ. האָט צוגעטיילט באַזונדערע הילף די געראַטעוועטע געטאָ־קעמפער).

אין עטלעכע טעג אַרום האָט „עמך" באַקומען פאַלשע דאָקומענטן, די נייטיקע סומע געלט און ער האָט זיך איבערגעטראָגן צו אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, ווו ס'איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פּרימיטיווע, אָבער גוט־דורכגעטראַכטע באַהעלטעניש: פון אַ צענדליק ברעטער האָט מען צונויפגעקלאַפּט אַ לענגלעכן קאַסטן און אַוועקגעשטעלט אים אין אַ ווינקל פון אַ קעלער, אַרויפגעוואָרפן אויף אים עטלעכע בינטלעך שטרוי און די זייטן פאַרשטעלט מיט פאַרשידענע לאַכעס. צו דעם טירל האָט ער צוגעקלאַפּט צוויי שטייגן מיט קראָליקעס.

ער איז אַרומגעגאַנגען פריי אין קעלער. אָבער ווען ער האָט נאָר דערהערט דעם קלענסטן שאָרך, איז ער אַריין אין באַהעלטעניש. יעדן אָוונט פלעגט קומען צו אים די פרוי פון זיין פּאָליאַק און ברענגען עסן. פון צייט צו צייט האָב איך אים אויך באַזוכט אין זיין „מעלינע".



דערווייל האָט דער ייד. נאַצ. קאָמיטעט באַשלאָסן צו באַזאָרגן די קינדער מיט פאַלשע מעטריקעס. דאָס אַנטשפּרעכנדיקע אויספילן די מעטריקעס איז געווען אַ באַזונדער פּראָבלעם. דאָס קאָן אפשר אויסזען קאָמיש, אָבער ס׳האָט געמוזט זיין אַ געוויסע האַרמאָניע צווישן אויסזען פון פּנים און דעם קלאַנג פון פאַמיליע־נאָמען...

על פּי רוב האָט מען זיך באַנוצט מיט מעטריקעס, וואָס האָבן כלומרשט געשטאַמט פון פאַרשידענע רוימיש־קאַטוילישע פּאַראַפיעס אויף יענער זייט בוג, כדי אוממעגלעך צו מאַכן וועלכע עס איז קאָנטראָל. אויפן סמך פון אַזאַ מעטריקע איז לייכט געווען אויס־צוטראַכטן אַ געשיכטע וועגן באָלשעוויקעס, וואָס האָבן די גאַנצע מש־פּחה אַרויסגעשיקט קיין סיביר. מען האָט אויך באַנוצט פאַמיליע־נעמען, וואָס האָבן געקלונגען פּויעריש; דאָס האָט ווידער געגעבן אַ מעגלעכקייט אויסצוטראַכטן אַ מעשה וועגן אַ שלעכטן טאַטן, אָדער וועגן אַ דאָרף, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן בעת די קאַמפן.

די געבוירן־דאַטעס האָט מען צוגעקליבן אַזוי, אַז זיי זאָלן ווי ווייט מעגלעך יינגער מאַכן די קינדער. חוץ דעם זענען געווען קינדער, וואָס זענען שוין געווען באַקאַנט ביי פאַרשידענע פּאָליאַקן אונטער נעמען און פאַמיליע־נעמען. פאַר זיי האָט מען אויס־געפילט די מעטריקעס אין הסכם מיט זייערע ביזאיצטיקע אַרישע נעמען.

פון ביטשעקן האָב איך זיך דערוווּסט גענויע פּרטים וועגן עלטער, פאַמיליע־נאָמען און אַנדערע „פּערזענלעכע אייגנשאַפטן״ פון אַלע קינדער אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן.

די מעטריקעס, וואָס כ׳האָב באַקומען „אין בלאַנקאָ״ האָט מען געדאַרפט אויספילן מיט פאַרשידענע האַנטשריפטן, כדי נישט



Gmina

Miejscowość

Parafia

**WYPIS Z AKTU URODZENIA**

WYDANY NA MOCY KSIĄG STANU CYWILNEGO

za rok Nr.

Wiadomo czynimy, że

miesiąca

tysiąc

z ojca

z matki z domu

Zgodność niniejszego wypisu z oryginałem zaświadczam

, dnia miesiąca 19 r.

Proboszcz

פּאַלשע מעטריקע פאַר קינדער. (באַזאָרגט דורכן ייד. נאַצ. קאָמיטעט).

צו דערוועקן קיין חשד. צוליב דעם האָבן עטלעכע מענטשן געמוזט מיר העלפן אין דער דאָזיקער אַרבעט*.

דאָס באַקומען פאַלשע מעטריקעס איז פאַר די קינדער געווען אַ פריידיקער סורפּריז. פאַר דער מערהייט פון זיי זענען דאָס געווען די ערשטע דאָקומענטן, וואָס האָבן באַשטעטיקט זייער „אַרישקייט".

מיט דעם האָט זיך עס אָבער נישט געענדיקט. אין עטלעכע טעג אַרום איז געוואָרן באַשלאָסן צו באַזאָרגן די קינדער מיט שול־לעגיטימאַציעס. דאָ האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ווידער־שטאַנד מצד די קינדער, וועלכע האָבן לכתחילה מורא געהאַט צו געבן אונדז זייערע פאָטאָגראַפיעס, ווייל, זיי האָבן חושד געווען אין נישט „אויפריכטיקע כוונות", אין אַ צוגעטראַכטן „שפּיצל" מצד עפּעס אַ „פאַלקע פון דער אָרגאַניזאַציע", וואָס האָט כלומרשט דער־ליידיקט די ענינים.

עטלעכע טעג האָבן געדויערט מיינע אונטערהאַנדלונגען מיט די קינדער. ערשט די מיינונג פון ביטשעקן, האָט דעצידירט וועגן אַ פּאָזיטיוון רעזולטאַט.

די שול־לעגיטימאַציעס זענען געווען אויטענטישע און זיי האָבן פיגורירט אין די שול־רשימות פון די פּוילישע שולן. דאָס איז געוואָרן דערליידיקט דורך דער פּוילישער פרוי יאַנינאַ בוכ־האָלץ, וועלכע האָט זייער אַ סך געטאָן פאַר אויסבאַהאַלטענע יידן. אין איר ביוראָ פאַר ביטעס און איבערזעצונגען אויף מיאָדאָווע־גאַס, האָט זי איינגעאָרדנט אַ פאַרבינדלער־פּונקט פאַר דער יידישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע.

נאָכן באַקומען מעטריקעס און שול־לעגיטימאַציעס האָבן די קינדער באַקומען מוט און האָפענונג, זייער זעלבסטזיכערקייט איז געוואַקסן. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן, פרייער ווי ביז איצט,

* איינער פון זיי איז געווען לעאָן האַנדעלסמאַן, מיטאַרבעטער אין אונ־טערגרונד, היינט אין ענגלאַנד.



„אויטענטישע" שול־לעגיטימאַציע (צוגעשטעלט דורכן ייד. נאַצ. קאָמיטעט).



יאַשיאַס פאַלשע „קענקאַרטע", אַ דאָקומענט פאַר עלטערע קינדער.
(ייד. נאַצ. קאָמיטעט).

איבער דער שטאָט. אין פאַל פון אַ נויטווענדיקייט האָבן זיי שוין געהאַט וואָס צו באַווייזן. דאָס האָט באַדייט אַ מין איבערברוך אין זייער לעבן.

דאָס טשעפּען זיך מצד די פּוילישע יינגלעך האָט ביסלעכווייז אויפגעהערט, ווייל אַלע חשדים זענען צעשטרייט געוואָרן דורך די שול־לעגיטימאַציעס. די יידישע קינדער האָבן דערביי נאָך צוגע־טראַכט פאַרשידענע מעשות וועגן דער שול, וועגן די לעקציעס, פון וועלכע זיי זענען אַנטלאָפן, וועגן די נישט־געמאַכטע שול־אויפגאַבעס אאַז״וו. זיי האָבן זיך גערימט, אַז זיי דרייען זיך אָפּט אַרויס פון דער לערע. וואָס ווילערישער זיי האָבן זיך כלומרשט אויפגעפירט, אַלץ מער דרך־ארץ האָבן זיי אַרויסגערופן ביי זייערע פּוילישע קאָלעגעס אויפן פּלאַץ.

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט זייער „מנוחה״.

אין יענער צייט האָט אין וואַרשע זיך פאַרשטאַרקט די אַק־טיווקייט פון דער פּוילישער אונטערערד. אויף די מויערן און טראָ־טואַרן, אויף אַלע מעגלעכע עפנטלעכע ערטער, האָט זיך באַוויזן, מיט קרייד און פאַרב אַ געשריבענע לאָזונג: „פּוילן וועט זיגן״, געצייכנט מיט אַן אַנקער — דער סימבאָל פון קעמפנדיקן פּוילן.

אין אַ סך פונקטן פון שטאָט איז דערגאַנגען צו באַוואָפנטע אָנפאַלן אויף דייטשע זשאַנדאַרן און אויף קאָלאַבאָראַנטן.

די דייטשן האָבן אָנגעווענדט שאַרפע רעפּרעסיעס קעגן דער פּוילישער ציווילער באַפעלקערונג. איבער דער שטאָט זענען אַרומ־געפאָרן באַנדעס עסעסאָווצעס און געסטאַפּאָ־לייט אין זייערע גרינע „בודעס״. דאָס טרומייטערן פון די אַלאַרם־סיגנאַלן האָט פאַרגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן. אַ ריי גאַסן זענען געוואָרן אָפּגעשלאָסן. די דייטשן האָבן געשלעפּט מענטשן פון די טראַמווייען, אַדורכגעפירט רעוויזיעס אין די וווינונגען, קעלערס און אויף די בוידעמס.

די אָבלאַוועס האָבן נישט אויסגעמיטן אויך דעם פּלאַץ פון די דריי קרייצן. די פּאַפּיראָסן־הענדלער פּלעגן זיך דאַן באַהאַלטן אינעם

גאָרטן פון אינסטיטוט פאַר טויב־שטומע, אָדער אין אַנדערע פאַרשי־דענע לעכער.

בעת איינער פון די אָבלאַוועס האָבן די דייטשן געכאַפּט סטאַ־שעק־משהן און — צוזאַמען מיט הונדערטער אַנדערע — אים אַוועק־געפירט אין אַן איבערגאַנגס־לאַגער אויף ליטעווסקע־גאַס.

צווישן די פּאַפּיראָסן־הענדלער איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק. מ׳האָט מורא געהאַט, אַז סטאַשעק וועט נישט אויסהאַלטן דעם דייטשן דרוק און אויסגעבן די איבעריקע חברים. די יינגלעך האָבן פאַרלאָזט דעם פּלאַץ, זיך צעטיילט אין עטלעכע גרופּעס און פאַנאַנ־דערגעגאַנגען זיך אין פאַרשידענע פונקטן פון דער שטאָט.

אין יענעם אָוונט איז קיינער נישט געקומען נעכטיקן, נישט צו דער „באַבטשע״, נישט צו דער פרוי לאָדזשאַ, אָדער אויף די אַנדערע ערטער, וואָס זענען סטאַשעקן געווען באַקאַנט. די קינדער האָבן גענעכטיקט אין פאַרשידענע חורבות.

טערעזע האָט געזוכט אַ באַהעלטעניש ביי פרוי קאַלאָטאַ, זי האָט איר נישט אָפּגעזאָגט און אַריינגענומען אויף סטאַביל צו זיך. זי האָט איר אפילו געשאַפן אַרבעט אין אַ דייטשער קיך אויף אַלעע יעראָזאָלימסקע.

דאָרט האָט זי געדינט, געוואַשן פּאָדלאָגעס און געבראַכט פּאַפּיראָסן מיט צייטונגען פאַר די זעלנער. צוזאַמען מיט איר האָבן געאַרבעט פּוילישע מיידלעך. טערעזע האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין דער סביבה און מיט איינער פון די מיידלעך איז זי אפילו געוואָרן אַ גוטע פריינדין. נאָך דער אַרבעט זענען זיי צוזאַמען אַהיימגעגאַנגען, צוזאַמען האָבן זיי געהערט ביים „בילער״ די באַריכטן פון פראָנט און זיך געפרייט מיט די מפּלות פון די דייטשן. זונטיק זענען זיי ביידע געגאַנגען אין קאָשטשאָל אַריין. טערעזע האָט געשפּילט איר „ראָל״ אויסגעצייכנט. זי האָט אָבער נישט פאַרגעסן די אַלטע חברים און צייטנווייז זיי באַזוכט און גענומען אָנטייל אין זייערע ענינים.

פּאַוועלן און זענעקן האָט זיך איינגעגעבן צו געפינען אַ פּוילישע

פרוי, וואָס האָט נישט חושד געווען, אַז זיי זענען יידן און זיי גענומען אויף נאַכטלעגער און איינגעמאָלדן אויפן סמך פון זייערע פאַלשע דאָקומענטן. זי האָט אַכטונג געגעבן, אַז זיי זאָלן זיך מאָדליען פאַרן שלאָפנגיין. די יינגלעך פלעגן קני̇ען פאַרן בעט און עפּעס מורמלען אונטער דער נאָז.

אין דער פרי זענען די „קוזינען" — אַלס אַזעלכע האָבן זיי זיך פאַרגעשטעלט — אַרויס אין שטאָט אויף מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס און אָנגעהויבן זייער האַנדל מיט צייטונגען און פּאַפּיראָסן.

אין אַ געוויסן אָוונט האָט די באַלעבאָסטע איינגעאָרדנט אַ פאַרווייַלונג מיט אַ סך געסט. בעתן שמועס צווישן די האַלב־שיכורע געסט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינער פון זיי שטאַמט פון לוואָוו.

— מיינע יינגלעך שטאַמען אויך פון לוואָוו (זייערע געבוירן־מעטריקעס זענען געווען פון דאָרט) — האָט די באַלעבאָסטע זיך אָנגערופן.

דער גאַסט האָט אָנגעהויבן צו רעדן מיט זיי, געפרעגט ווו זיי האָבן געוווינט. זייערע נישט קלאָרע ענטפערס האָבן דערוועקט אין אים עפּעס אַ חשד.

צו מאָרגנס האָט די באַלעבאָסטע גופא גענומען זיי אויף אַ פאַרהער און די יינגלעך זענען געצוווּנגען געווען צו אַנטלויפן. זייערע פּאַפּירן זענען „פאַרברענט" געוואָרן. איך האָב זיי געמוזט באַזאָרגן מיט נייע דאָקומענטן, מיט נייע נעמען.

ביטשעק, זבישעק, בורעק און דער פראַנצויז האָבן זיך איבער־געטראָגן מיט זייער מסחר צום הויפּטוואָקזאַל. פון אָנהייב איז זיי שווער געווען אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט די דאָרטיקע פּוילישע פּאַפּיראָסן־הענדלער, וואָס האָבן נישט גערן געקוקט אויף זייערע נייע קאָנקורענטן. צווישן די פּוילישע יינגלעך איז דער רעדלפירער געווען אַ העלהאָריקער לאָבוס מיטן צונאָמען „ביעלאָס"[21]. זבישעק,

וואָס האָט געקענט אויסשיטן אַ גאַנץ שיין בינטל מיט קללות, האָט זייער שנעל געפונען מיט אים אַ קאָנטאַקט. זייט דאַן איז ער געוואָרן אַביסל מילדער צו זיי, אָבער די אַנדערע יידישע יינגלעך האָבן מיט שרעק אויסגעמיטן דעם „ביעלאַס״, און ווי אויף צו להכעיס האָט ער דווקא תמיד געהאַט עסקים צו זיי. ער האָט אַ סך מאָל גערעדט וועגן זיינע געפילן פון סימפּאַטיע פאַר זיי, און דאָס האָט נאָך מער באַאומרויִקט די יידישע יינגלעך. זיי האָבן מורא געהאַט און חושד געווען, אַז עס גרייט זיך עפּעס אַ פּאַסטקע אויף זיי. (נאָך דער מל־חמה האָט צו אַלעמענס שטוינען זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביעלאַס איז אויך אַ יידיש יינגל).

קולאַס, קינאַל, זאַמבאַל און דער קליינער סטאַשעק האָבן זיך איבערגעטראָגן צום מזרח־וואָקזאַל, ווו זיי האָבן געהאַנדלט מיט



וולאַדעק. פּאָט. 1944



„ביעלאַס״ (רעכטס)
מיט צוויי פּוילישע פּאַפּיראָסן־פּאַרקויפער,
ביים רעסטאָראַן „נור פיר דויטשע״. פּאָט. 1944

פּאַפּיראָסן צוזאַמען מיט יורעקן און װלאַדעקן. זיי האָבן אױך געטוישט פּאָסטקאַרטלעך אויף פּאַפּיראָסן און קאָנסערוון ביי די דייטשן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון פראָנט.

דאָרט האָבן זיי באַגעגנט אַ 9־יאָריק יינגל מיט געלע האָר, וואָס האָט אויך געהאַנדלט מיט פּאַפּיראָסן. באַלד האָבן זיי זיך אָריענטירט, אַז עס שטייט פאַר זיי אַ יידיש קינד, און האָבן זיך אַריינגעלאָזט מיט אים אין אַ שמועס.

— דו ווייסט ווער איך בין? דו שטויסט זיך נישט אָן? — האָט זאַמבאַל פּראָוואָצירט.

— געלער[22], גיב אַ קוק איף אים, וועסטו ויסן, — האָט יורעק צוגעגעבן, אָנווייזנדיק אויף קינאַלן.

דאָס יינגל איז געוואָרן ווייס פון שרעק. ער האָט מורא געהאַט, אַז דאָס שטעלט מען אים אונטער אַ פיסל.

— האָב נישט קיין מורא, מיר זענען אויך „עמך" — האָט קינאַל אַ שעפּטשע געטאָן.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, און דער געלער האָט זיך מודה געווען אין זיין יידישקייט. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ ברודער־לעכער שמועס. ווען ער האָט באַקומען מער צוטרוי, האָט דער קליי־נער זיך אָנפאַרטרויט פאַר זיי, אַז פון פּאַפּיראָסן־מסחר האַלט ער אויס די מוטער, וועלכע געפינט זיך אין אַ באַהעלטעניש אויף בזשעסקע. זי קאָן נישט אַרויסגיין אין גאַס, ווייל זי האָט נישט קיין דאָקומענטן. און ער אַליין איז אויך אין אַ סכנה, צוליב מאַנגל אין וועלכן ס'איז „פּאַפּירל".

מיטאָגצייט פלעגן זיך די פּאַפּיראָסן־הענדלער טרעפן אין דער קיך פון ר. ג. אָ. אָדער אין אַנדערע אָפּגעשמועסטע ערטער. זיי האָבן זיך קעגנזייטיק דערציילט וועגן די נייע האַנדל־פּלעצער און פון אַלע נייעסן אַרום זיי.

ביטשעק האָט זיך זייער איבערגענומען מיטן מצב פונעם

„געלן״ און נאָך דעם זעלבן טאָג האָט ער מיר צוווייסן געטאָן, אַז מ׳האָט אַנטדעקט אַ ניי יידיש יינגל.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן, דער געלער און זיין מוטער, באַקומען פון מיר פאַלשע דאָקומענטן און געלט אויף אויסבאַהאַלטן זיך. אַלס צייכן פון דאַנקבאַרקייט האָט דעם געלנס מוטער אָנגעהויבן צו וואַשן די וועש פון אַלע פּאַפּיראָסן־הענדלער. דאָס האָט געהאַט אַ גוטע ווירקונג אויפן אָפּהיטן די ריינקייט פון די קינדער און האָט אויך משפיע געווען אויף זייער אויסערלעכן אויסזען, אַ זאַך, וואָס האָט אָפּגעשוואַכט די חשדים וועגן זייער יידישקייט.



נישט קיין קליינע סענסאַציע איז געווען די ידיעה, אַז סטאַשעק איז אַנטלאָפן פון לאַגער אויף ליטעווסקע־גאַס און צוריקגעקומען אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן. אַלע זענען געלאָפן אים זען. ער איז געווען אויסגעדאַרט און געהאַט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ. די יינגלעך, וואָס האָבן ליב צו געבן צונעמענישן, האָבן אים אָנגעהויבן רופן „גאָלעץ״. דער פּלאַץ האָט ווידער אויפגעלעבט און אַלע האָבן זיך צוריק אומגעקערט אין זייערע מעלינעס.

— איך האָב שוין געמיינט, אַז איר זענט אַלע שוין איינגעזונקען געוואָרן, — האָט זיי מקבל פּנים געווען די באַבטשע פון קרוטשע גאַס. דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון איר צופרידנקייט, וואָס זי זעט זיי ווידער לעבעדיקע.

זאַמבאַל האָט זיך צוריק אומגעקערט צו דער פרוי לאַדזשאַ. אויפן פּלאַץ איז ווידער געווען ווי אַמאָל.

די פּוילישע פּאַפּיראָסן־הענדלער האָבן געפרעגט די יידישע יינגלעך פּאַר וואָס זיי האָבן זיך אַזאַ לאַנגע צייט נישט געוויזן. יעדער האָט זיי געענטפערט אויף זיין שטייגער. איינער — אַז ער איז געווען קראַנק; דער צווייטער, אַז אַ מומע איז אים געשטאָרבן; אַן אַנדערער, אַז ער האָט געפונען אַ ניי אָרט צום האַנדלען — אַ

ווערביר־פונקט פאַר דייטשן; נאָך עמעצער האָט דערציילט, אַז ער איז געווען פאַרהאַלטן אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט פאַר האַנדלען מיט נאָכגעמאַכטע פּאַפּיראָסן.

און ווידער האָבן זיי פאַרביסן געקעמפט פאַר יעדן קונה. בלויז איין „גאָלעץ" האָט מער נישט געוואָלט האַנדלען מיט קיין פּאַפּיראָסן. דער פאַקט, וואָס די דייטשן האָבן בעת דער אַבלאַווע זיך באַצויגן צו אים ווי צו אַ דערוואַקסענעם און דערצו נאָך זיין אַנטלויפן פון לאַגער — האָבן אַרויסגערופן ביי אים אַ געפיל פון העכערקייט לגבי די אַנדערע פּאַפּיראָסן־הענדלער. ער פלעגט זיצן אין טראַמוויי־ביידל אויפן פּלאַץ. די טראַמוויי־אַרבעטער האָבן אים מכבד געווען מיט בראָנפן און געלערנט שפּילן אין קאָרטן. ער פלעגט זיך באַווייזן אַ שיכורער אויפן פּלאַץ און אַרויסרופן שרעק ביי די פּוילישע יינגלעך.

ווען ביטשעק איז צוגעשטאַנען צו אים, אַז ער זאָל צוריקגיין צום „פּאַך", האָט גאָלעץ ציניש אָפּגעענטפערט:

— און אַזוי איז מיר שלעכט? אויף אַ וואַסער־זופּ וועט מיר סטייען...

ביי אים האָבן זיך ווידער באַוויזן די אַמאָליקע נייגונגען צו אַ „לייכט לעבן". וויפל מאָל ער האָט זיך געשטעלט אין שוץ פון די יינגערע יידישע יינגלעך, האָט ער זיך געהייסן דערפאַר באַצאָלן.

— איר האָט געזען ווי כ'האָב זיך געשלאָגן פאַר אייך? גיט מיר דערפאַר צו 10 זלאָטעס.

די יינגלעך האָבן זיך נישט געאיילט מיטן באַצאָלן, נאָר די מורא, אַז גאָלעץ וועט זיי מער נישט פאַרטיידיקן בעת אַ געפאַר — האָט גובר געווען. זיי האָבן זיך אָבער באַקלאָגט פאַר ביטשעקן, וועלכער האָט פאַרגעוואָרפן גאָלעצן, אַז ער פירט זיך נישט גוט אויף. האָט אים אָבער יענער געענטפערט:

— וואָס ווילסטו, אַז כ'זאָל פאַר זיי אונטערשטעלן דעם קאָפּ אומזיסט?

נישט אײן מאָל האָט ער אויך צוגערעדט, אָדער ריכטיקער, געצוווּנגען, די יידישע פּאַפּיראָסן־הענדלער צו פּאַרטרינקען דאָס פאַרדינטע געלט אין דער נאָענטסטער קנײפּע צוזאַמען מיט די פּוילישע ײנגלעך.

וועגן דעם אַלעם וואָס עס קומט פאָר אויפן פּלאַץ האָט מיך ביטשעק אינפאָרמירט בעת אונדזערע טאָג־טעגלעכע באַגעגענישן. איך אַלײן פלעג אַהינקומען זעלטן, כדי די קינדער זאָלן זיך נישט דערשמעקן דעם ציל פון מײנע באַזוכן.

דעם ענין מיט גאָלעץ האָט מען ברייט אַרומגערעדט אין דער „אָרגאַניזאַציע", מיר האָבן אָבער נישט געקאָנט ענדערן זײן אויפ־פירונג. ווידער איזאָלירן אים, קעגן זײן ווילן, פון די אַנדערע קינדער, איז פּאַקטיש געווען אוממעגלעך. מיר האָבן זיך דאָך אויך געמוזט רעכענען מיטן פּאַקט, אַז גאָלעץ האָט פאַרט פאַרטיידיקט די קינדער און אונדזער ציל איז געווען, אין דער ערשטער ריי, צו דערהאַלטן די קינדער ביים לעבן. האָבן דעריבער די דערציערישע מאָטיוון געמוזט דערווייל אָפּגעלייגט ווערן. צוליב דעם איז באַשלאָסן געוואָרן נישט ארײנצומישן זיך אין די ענינים.

דערווייל האָט זיך די קעלט אַלץ מער פאַרשטאַרקט. שטייענדיק מיט די פּאַפּיראָסן אויפן פּלאַץ, האָבן זיי געטופּעט מיט די פיס, אָדער זיי האָבן אָוועקגעשטעלט דאָס „סחורה"־קעסטל אויף דער ערד און גענומען זיך דערוואַרעמען אויפן דראָשקאַרסקע שטייגער.

אין דער פרי פלעגן די ײנגלעך גײן אין רוזשיצקיס באַזאַר עסן פרישטיק און אײנקויפן סחורה. דאָרט האָבן זיי אויך געזוכט אַ געלעגנהייט צו קויפן אַ גענוצט וואַרעם מלבוש. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן בעסער צו דערנערן, אַ סך פון זייערע פריערדיקע בגדים זענען אויף זיי ענג געוואָרן. זיי האָבן פאַרדינט גענוג, אַז זיי זאָלן זיך קאָנען אײנקויפן עפּעס אָנצוטאָן. אַ טייל פון זיי האָבן אַפילו אָנגעהויבן זיך קליידן עלעגאַנט.

ס׳איז אויך נייטיק געווען אַדורכצורעדן זיך מיט די מיידלעך פון צווישן די פּאַפּיראָסן־הענדלער, וועגן זייערע ספּעציפישע פּראָבלעמען. די געשפּרעכן מיט זיי האָט געפירט איינע פון מיינע מיטאַרבעטערינס *.

* מרים קליין, איצט אין ישראל. אַ פאַרבינדלערין פון יידישן אונטערגרונד. געהאַט אונטער איר אויפזיכט אַ צאָל אויסבאַהאַלטענע אויף דער „אַרישער זייט".

**18**

## דער „טריאָ" פון פּראַגע

איזאַק־סטאַשעק [25] פון פּראַגע האָט אין יאָר 1942 אָנגעהויבן זיין קאַריערע אויף דער אַזוי־גערופענער „אַרישער זייט", ווי אַ שיכפּוצער ביים הויפּט־וואָקזאַל.

די איבער צען שיכפּוצער, האָבן זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט דער פּולער אַרבעט. יצחק־סטאַשעק איז געוואָרן אַ נאָענטער חבר מיט איינעם פון זיי, אַ סימפּאַטיש פּויליש יינגל, ראָמעק [24], וואָס האָט צוליב אַ שלעכטער שטיפמוטער געמוזט אַנטלויפן פון דער היים. סטאַשעק האָט אים דערציילט אַ מעשה, אַז דעם טאַטן האָבן די דייטשן אַרויסגעפירט קיין פּרייסן און די מאַמע האָט זיך געבראָכן אין שטוב אַריין אַ געליבטן, האָט ער אויך באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון דער היים. אין גיכן האָבן די ביידע יינגלעך אָנגעהויבן צו פירן אַ בשותפותדיק לעבן. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי געפּוצט די שיך פון דייטשע זעלנער און אין אָוונט זענען זיי געגאַנגען שלאָפן אין די חורבות. אין משך פון אַ צוויי וואָכן האָבן זיי גענעכטיקט אין אַ גרויסן אייזערנעם מיסטקאַסטן, אין וועלכן מ׳זאַמלט צונויף דאָס מיסט פון דער גאַנצער געגנט, ביז ס׳האָט זיי פון דאָרט פאַרטריבן אַן אַרבעטער פון דער רייניקונג־אַנשטאַלט.

אין אַ צייט אַרום האָבן ביידע יינגלעך זיך איבערגעטראָגן מיט זייער שיך־פּוצעריי אויף סוכע־גאַס, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די דייטשע מיליטערישע קאַזאַרמעס און ווערביר־פּונקטן. שפּעט אין אָוונט פלעגן זיי זיך אַריינגנבענען אין די גרינס־גערטנדלעך אויף דער סטאַשיץ־קאָלאָניע און דאָרט גענעכטיקט אין די ביידלעך.

נאָך צוויי חדשים האָט אַ נאַכט־וועכטער זיי באַמערקט און פאַריאָגט פון דאָרט. איז מען געגאַנגען זוכן אַן אַנדער נאַכטלעגער. ביים עק פון די גאַסן סוכע און פּילטראָווע איז געשטאַנען אַ גרויסער קאַסטן מיט זאַמד. ביי נאַכט האָבן די יינגלעך אַרויסגעוואָרפן פון דאָרט דאָס זאַמד, זיך אַריינגעלייגט און צוגעדעקט מיט די קורטקעס. די קעלט האָט זיי אומברחמנותדיק געפּייניקט, שניי און רעגן זענען אַריינגעדרונגען אין קאַסטן. זענען זיי אין דער פרי געלאָפן צו די קאַזאַרמעס און דאָרט זיך אָנגעוואַרעמט ביים קאָקס־אייוועלע.

איין מאָל האָט סטאַשעק באַמערקט אַדורכגיין אַ 14 יאָריק יינגל און ער האָט אין אים דערקענט קובען[25], זיין אַמאָליקן חבר פון געטאָ. זיי זענען אַוועק אין אַ זייטן־געסל.

— פון וואַנען קומסטו אַהער? — האָט סטאַשעק געפרעגט.

— נאָך דער ערשטער „אַקציע" בין איך אַנטלאָפן פון געטאָ צוזאַמען מיט צוויי שוועסטערס* זיי פאַרדינען גוט; זיי זינגען אין גאַס און אין די רעסטאָראַנען. איך האָב זיך אויך באַקענט מיט אַ גרופּע גאַסן־מוזיקאַנטן, מלחמה־אינוואַלידן און איך גיי מיט זיי אַרום איבער דער שטאָט. איך פאַרדין נישט שלעכט. איך נעכטיק צוזאַמען מיט זיי אין „גיגאַנט" אויף יאַגעלאָנסקע־גאַס.

— און מ'לאָזט דיך דאָרט אַריין? — האָט זיך סטאַשעק גע־חידושט.

— כ'האָב אַריינגערוקט דעם וועכטער 10 זלאָטעס אין דער לאַפּע אריין, און אים דערציילט, אַז כ'בין אַ דעפּאָרטירטער פון „רייך", האָט ער מיך איינגעמאָלדן. אויב דו האָסט נישט קיין „מעלינע", קאָנסטו גיין מיט מיר אין „גיגאַנט", מ'וועט עס שוין דערליידיקן — האָט ער פאָרגעלייגט.

סטאַשעק האָט גערן מסכים געווען און ער האָט זיך אָפּגע־

---

* סטעפטשע און מאַרישע, וועלכע מיר קענען שוין פונעם פּלאַץ פון די דריי קרייצן.

שמועסט מיט אים אויף ביי נאַכט. ראַמעקן האָט ער דערציילט, אַז די משפּחה פאַרלאַנגט פון אים ער זאָל נעכטיקן אין דער היים.

אין אָוונט איז סטאַשעק אַוועק צוזאַמען מיט קובאַ אין „גיגאַנט". דער וועכטער האָט באַקומען 10 זלאָטעס, האָט ער אַריינגעפּירט סטאַשעקן אין ביוראָ. אַן אַלבערטינער מאַנאַך האָט דאָרט רעגיס־טרירט די פּריש־אָנגעקומענע.

— איך בין אַ דעפּאָרטירטער פון בידגאָשטש, — האָט סטאַשעק אָנגעהויבן דערציילן זיין „געשיכטע" — כ'בין אַנטלאָפן פון דער היים, די שטיפמאַמע האָט מיך געשלאָגן. איך הייס סטאַניסלאַוו קאָוואַלטשיק; קיין דאָקומענטן האָב איך נישט, מ'האָט זיי ביי מיר צוגענומען.

— יאָ, יאָ, איך קען אים — האָט דער וועכטער באַשטעטיקט. מ'האָט אים איינגעמאָלדן.

סטאַשעק און קובאַ זענען דערנאָך אַריין אין ריזיקן זאַל. דאָס קליינע עלעקטרישע לעמפּל האָט צוגעגעבן דעם זאַל דעם כאַראַק־טער פון אַ קאַזאַרמע. פון ביידע זייטן זענען געווען רייען מיט צווייסטאָקיקע פּריטשעס. פון די געלעגערס האָבן זיך אַרויסגעבויגן באַוואַקסענע שמוציקע פּנימער מיט פאַראייטערטע אויגן. עטלעכע הונדערט פּערזאָן זענען דאָ געקומען איבערנעכטיקן. די מערהייט פון זיי זענען געווען קרימינעלע טיפּן, אַ טייל — זקנים און קאַליקעס. פון די קעשענעס האָבן אַרויסגעשטעקט פלעשלעך מיט „בימבער" אָדער דענאַטוראַט. די געשלעגן און אַוואַנטורעס זענען דאָ געווען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. אויב ס'איז געקומען אַ נייער גאַסט, וואָס האָט זיך נישט אָריענטירט אין די באַדינגונגען, איז ער איבער נאַכט געבליבן אָן שיך און אָן הויזן. אינדערפרי האָבן די מאַנאַכן געטיילט יעדן איינעם הייסע טיי און ברויט. זונטיק האָט מען אַלעמען געטריבן אין קירך אַריין.

קובאַ, וועלכער האָט געהאַט אַ פיין שטימעלע, איז דורך די מאַנאַכן אַריינגענומען געוואָרן אין כאָר. אַ גאַנצע וואָך איז ער

אַרומגעגאַנגען איבער די הייף און געזונגען פאַרשידענע לידלעך, זונטיק אָבער האָט ער געזונגען רעליגיעזע לידער. סטאַשעק ווידער האָט ווייטער מיט ראָמעקן געפּוצט דייטשע שיך.

יעדע וואָך כמעט איז די פּאָליציי אַריינגעפאַלן אין „גיגאַנט", דורכגעפירט אַ רעוויזיע און אַ קאָנטראָל פון די דאָקומענטן. כדי דאָס אויסצומיידן, פלעגן סטאַשעק און קובאַ קומען שפּעטער, נאָך דער רעוויזיע. פון צייט צו צייט האָט די פּאָליציי אַרומגערינגלט דעם אַנשטאַלט אין דער פרי און אַלעמען געטריבן אין באָד אַריין; דעמאָלט האָבן די יינגלעך זיך אַרויסגעגנבעט פון „גיגאַנט". דער וועכטער האָט זיי געהאָלפן: ער האָט זיי אַרויסגעפירט דורך אַ הינטערטיר. ער האָט אָבער דערפילט, אַז עפּעס איז דאָ נישט גלאַטיק און האָט אויסגעפּרעסט פון זיי געלט אויף בראָנפן.

אַ מאָל, גייענדיק אין „גיגאַנט", האָט סטאַשעק באַגעגנט אין גאַס אַ 14־יאָריק יינגל, לעאָן[26], וואָס איז אים געווען באַקאַנט פון געטאָ. ער איז געווען בלאָ פון קעלט. סטאַשעק האָט אים פאָרגעלייגט צו נעכטיקן אין „גיגאַנט", ווו ס'איז געווען פאַרהעלטענישמעסיק וואַרעם. עס האָט זיך איבערגעחזרט די באַקאַנטע פּראָצעדור: דער וועכטער האָט גענומען 10 זלאָטעס און דערליידיקט דאָס איינמעלדן. לעאָן איז געווען גליקלעך פון נאַכטלעגער און פון מאָנאַכן־פרישטיק, וואָס אַזאַ האָט ער שוין לאַנג נישט געגעסן.

איינמאָל, ווען סטאַשעק איז שוין געלעגן אויף דער פּריטשע און זיך פאַרדעכט די צעריסענע קורטקע, איז אין זאַל אַריינגעקומען עפּעס אַ ניי יינגל. אין שוואַכן ליכט איז שווער געווען אים צו דערקענען. ערשט ווען ער האָט זיך דערנענטערט צום געלעגער, האָט סטאַשעק דערקענט ראָמעקן. ער האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם און איבערגעצויגן איבער זיך די קורטקע, כדי צו פאַרשטעלן זיך ס'פּנים; ס'איז אָבער שוין געווען צו שפּעט. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט זיך ראָמעק געוווּנדערט, — האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו גייסט אַהיים שלאָפן?

סטאַשעק האָט געשוויגן. ראָמעק האָט אים געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין, דערנאָך האָט ער געוואָרפן אַ בליק אויף קובאַ און לעאָן, וועלכע זענען געלעגן נעבן אים. ווייזט אויס, אַז אין זיין געדאַנק איז אויפגעקומען עפּעס אַ חשד.

— לייג זיך נעבן מיר, וועל איך דיר אַלץ דערציילן — האָט סטאַשעק ענדלעך זיך אָנגערופן. ער האָט גענומען ביי ראָמעקן אַ שבועה, אַז ער וועט קיינעם נישט אַנטפּלעקן דעם סוד, דאַן האָט ער זיך מודה געווען פאַר אים, אַז ער איז אַ ייד און האָט אים אויך באַקענט מיט די אַנדערע חברים.

זייט דאַן זענען אַלע פיר געוואָרן אַ צונויפגעשפּילטע קאָמפּאַניע. צוזאַמען האָבן זיי זיך בעסער געפילט אין נאַכט־אַזיל בעת די אומאויפהערלעכע קריגערייען און געשלעגן.

אין דער פרי זענען די יינגלעך זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבער דער שטאָט. לעאָן איז געגאַנגען בעטלען איבער די געוועלבער. ער איז אַריין אין גאָרקיך פון פרוי יאַפּאַ, אויף שראַקע־גאַס.

— שענקט עפּעס, כ׳בין אַ יתום, — האָט ער שטיל געזאָגט.

די באַלעבאָסטע האָט אַ קוק־געטון אויף אים פון אונטן אַרויף.

— אַזאַ יונגער בחור, און גייט שוין בעטלען? אַרבעטן גיי! שלעפּ זיך נישט אַרום איבער די הייזער! — האָט זי אים אָנגעזידלט.

— איך האָב געזוכט אַרבעט, אָבער נישט געקאָנט געפינען, — האָט דאָס יינגל זיך פאַרענטפערט.

— טאָ קום צו מיר מאָרגן, וועסטו קריגן אַרבעט, — איז די פרוי מילדער געוואָרן.

צו מאָרגנס איז ער שוין געזעסן אין קיך אויף אַ נידעריק בענקל, מיט אַ פאַרטוך ביז איבער די קני. ער האָט געשיילט קאַרטאָפל. דערפאַר האָט ער געקריגן צו עסן. אין אָוונט האָט די באַלעבאָסטע אים געגעבן עטלעכע קאָטלעטן, וואָס זענען געבליבן פון מיטאָג. ער האָט זיי געבראַכט אין „גיגאַנט" און פונאַנדערגעטיילט צווישן די יינגלעך און דעריבער באַקומען דעם צונאָמען „קאָטלעטשאַזש".

קובאַ איז ווייטער אַרומגעגאַנגען איבער די הייף מיט דער גרופּע מוזיקאַנטן־אינוואַלידן און געזונגען לידלעך. מיט דער צייט האָט מען אים אָנגעהויבן חושד זיין, אַז ער איז אַ ייד. אין אָנהייב האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין פֿאַרשידענע אָנצוהערענישן, וואָס האָבן אָנגענומען אַלץ שאַרפֿערע פֿאָרמען. פֿאַרפֿילנדיק די דראָענדיקע געפֿאַר, האָט ער באַשלאָסן צו אַנטלויפֿן פֿון וואַרשע. אויפֿן מאַרק האָט ער זיך באַקענט מיט אַ פּויער פֿון זאַמבראָוו און איז אַוועק צו אים אַרבעטן אַלס פּאַראָבעק; ער איז געוועזן ביי אים ביז צו דער באַפֿרייאונג.

סטאַשעק און ראַמעק האָבן געביטן זייער אָרט פֿון שיכפּוצעריי און זיך אַריבערגעטראָגן אויף שעראָקע, ווו עס זענען געוועזן איינ־קוואַרטירט דייטשע זעלנער. זיי האָבן אָפּגעקויפֿט ביי זיי פֿאַרשידענע זאַכן, ווי פּאַפּיראָסן, קאָנסערוון, מיליטערישע וועש אאַז״וו. און שפּעטער דאָס פֿאַרקויפֿט אין רוזשיצקיס באַזאַר. זיי האָבן אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט אַ פֿאַרבינדלער פֿון דער פּוילישער אונטערער־דישער אָרגאַניזאַציע און אויף זיין אָנווייזונג האָבן זיי איינגעקויפֿט מונדירן און זעלנערישע מאַנטלען.

אַ צייט שפּעטער האָבן זיי זיך אַריבערגעטראָגן אויף טלאָמאַצקע גאַס. דאָרט, אין דער געביידע פֿון דער אַמאָליקער יודאַיסטישער ביבליאָטעק, האָבן זיך איצט געפֿונען דייטשע מאַגאַזינען. ביי איינעם פֿון די דייטשן האָבן זיי געקויפֿט אַ גרעסערע צאָל זעלנערישע מונדירן און מיט אַ דראָזשקע דאָס אָפּגעפֿירט אויף בעדנאַרסקאַ, דעם אַד־רעס, וואָס דער פֿאַרבינדלער האָט זיי אָנגעוויזן. דאָס איבערפֿירן געגנבעטע מיליטערישע זאַכן איז געווען פֿאַרבונדן מיט אַ טויט־געפֿאַר, דעריבער האָבן די יינגלעך באַקומען פֿונעם פֿאַרבינדלער פֿאַלשע באַשטעטיקונגען פֿון דער אָרגאַניזאַציע „טאָדט״ *. יעדע פּאָר

* אַ דייטשע אַרבעט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אויסגעפֿירט פֿאַרשידענע בוי־אַרבעטן. ס׳האָבן דאָרט געאַרבעט אויך נישט־דייטשן.

טעג איז פאָרגעקומען אַן אָפּרעכענונג צווישן דעם פאַרבינדלער און די ייִנגלעך. דאָס איבערפירן טראַנספּאָרטן איז נישט געווען אַזוי פּשוט. זענען טאַקע סטאַשעק און ראָמעק געזעסן מיט גרויס חשיבות אויף די זעק מיט סחורה, אָנגעטוענע אין „טאָדט"־אוניפאָרמען, מיט האַקנקרייצן אויף די אַרבל. ס'איז אָבער נאָך שווערער געוואָרן, ווען ס'זענען געביטן געוואָרן די פאַרבינדלער און די ייִנגלעך האָבן גע־מוזט איבערפירן די זאַכן אַזש קיין פּראַגע, אויף יאַגעלאָנסקע, אָדער מינסקע. דאָרט האָט זיי אויפגענומען אַ נייער פאַרבינדלער.

אין אַ געוויסן אָוונט — געווען איז עס נאָוועמבער 1943 — ווען זיי זענען געפאָרן מיט אַ פולער דראָזשקע מונדירן, זענען זיי פאַרהאַלטן געוואָרן אויף דער קערבעדזש־בריק דורך זשאַנאַדרן. סטאַשעק איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער דראָזשקע, צוגעגאַנגען דרייסט צו אַ זשאַנדאַר, באַגריסט אים מיט „הייל היטלער" און געמאָלדן אין אַ געבראָכענער דייטשער שפּראַך, אַז ער פירט דייטשע מונדירן און מאַנטלען אין זיין מיליטערישער אָפּטיילונג אויף פּראַגע. דערביי האָט ער געוויזן די פאַלשע שיין פון דער אָרגאַניזאַציע „טאָדט". דער זשאַנדאַר האָט פאַרלאַנגט אַן איבערפיר־שיין, האָט סטאַשעק געענטפערט, אַז דעם שיין האָט ביי זיך דער לייטענאַנט און יענער איז געפאָרן מיטן טראַמוויי. ער האָט פאָרגעלייגט דעם זשאַנדאַר, אַז ער זאָל פאָרן מיט זיי וועט ער זיך אַליין איבערצייגן. די זעלבסט־זיכערקייט פון די ייִנגלעך האָט געווירקט אויפן זשאַנדאַר און ער האָט זיי געלאָזט ווייטער פאָרן. די גאַנצע געשיכטע האָט געדויערט בלויז עטלעכע מינוט. ס'איז אָבער גענוג געווען איין איבעריק וואָרט, איין נישט ריכטיקע באַוועגונג, אַז דער ענין זאָל זיך טראַגיש ענדיקן פאַר די ייִנגלעך.

נאָכן אויספירן די אויפגאַבע און אָפּרעכענען זיך, זענען זיי מיטן „קאָטלעטשאַזש" צוזאַמען אַוועק אין באָד אַריין. דאָרט האָבן זיי דער־שנאַפּט עטלעכע פאַפּיראָסן־הענדלער, וועלכע האָבן זיי פאַרבעטן אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן.

— כ׳זע אַז איר זענט געביפּט, איר גיט זיך אַן עצה, — האָט ראָמעק זיך אָנגערופן, וועלכן די פּאַפּיראָסן־הענדלער האָבן טראַקטירט ווי אַן „אייגענעם״.

— און מיר קויפן ביי די דייטשע זעלנער וואָס ס׳לאָזט זיך; מיר שלאָפן אין „גיגאַנט״, אויב איר האָט נישט קיין „מעלינע״, טאָ קומט מיט אונדז, איך וועל עס דערליידיקן, — האָט פאַרגעלייגט סטאַשעק פון פּראַגע.

דער דאָזיקער פאָרשלאָג איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט, וואָרעם מיט אַ טאָג פריער איז פאָרגעקומען אַן אומאַנגענעמער פאָרפאַל ביי דער „באַבטשע״. זיי זענען צוריקגעקומען נאָך אַ גוטן טאָג אין אַ פרייילעכער שטימונג און אַרויפגעקראָכן אויף דער אַנטערסאָלע. דאָרט האָבן זיי אַרומגערודערט און געדרייט זיך אויף די געלעגערס. פּלוצילנג האָט די צעפוילטע אַנטרעסאָלע אַ קרעכץ געטאָן און אָפּגעריסן זיך אונטער דער משא פון דער גרויסער צאָל „לאָקאַטאָרן״. צוזאַמען מיט די שמאַטעס זענען די ייִנגלעך אַראָפּ־געפאַלן אין אַ וואָלקן שטויב אויף דער פּאָדלאָגע. עטלעכע פון זיי האָבן זיך נישקשהדיק צעקלאַפּט.

ס׳איז געוואָרן אַ שרעקלעכער באַלאַגאַן; די „באַבטשע״ האָט געשאָלטן מיט טויטע קללות. די ברעטער פון דער אַנטרעסאָלע האָבן זיך געוואַלגערט איבערן גאַנצן צימער. ס׳איז געווען אַ געפאַר, אַז צוליבן טומל וועלן זיך יאָווען די שכנים, צום גליק איז אָבער נישט געקומען דערצו.

די ייִנגלעך זענען געווען פאַרדאגהט. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי געדרימלט אין ווינקל, זיצנדיק. אין דער פרי האָבן זיי גענומען פאַרריכטן די אַנטרעסאָלע. כמעט אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי דערביי גע־אַרבעט, און דאָך אַ ביסל מורא געהאַט, אַז די „באַבטשע״ וועט זיי פאַרטרייבן.

האָט מען באַשלאָסן, אַז די „הופּטשולדיקע״ אין דער קאַטאַס־

טראָפּע — זבישעק און בורעק — זאָלן זיך אַריבערטראָגן אין „גיגאַנט".

אין דער פרי פלעגן אַלע יינגלעך זיך טרעפן אין רוזשיצקיס באַזאַר. די „באַנדע" האָט זיך פאַרגרעסערט מיט נאָך עטלעכע צוואַניאַקעס, זיי האָבן זיך דערפילט פעסטער ביי זיך.

די גוטע שטימונג האָט ביי זיי פאַרגרעסערט דעם אַפּעטיט. זבישעק האָט אפילו פאַרגעשלאָגן מ'זאָל קויפן אַ פלאַש בראַנפן, האָט ער דערפאַר באַקומען אַ פּסק פון ביטשעקן.

אין „גיגאַנט" האָבן די יינגלעך זיך געפילט נישט שלעכט. אינעם פאַרטונקלטן ליכט איז שווער געווען אונטערצושיידן די פּנימער. דאָס איז געווען אַ גליק פאַר קאָטלעטשאַזש און בורעקן. ווען מען האָט געדאַרפט רעדן מיט די איינוווינער פון הויז, אָדער מיטן פּערסאָנאַל, איז שטענדיק ראָמעק, דער הונדערטפּראָצענטיקער פּאָלאַק, אַרויסגעטרעטן אין נאָמען פון די איבעריקע. ער איז געווען פאַר זיי אַן אויסגעצייכנטע „פירמע". ראָמעק ווידער האָט זיך געפילט גליקלעך, אַז ער איז נישט אַליין — ער איז אַ מיטגליד פון אַ גרויסער משפּחה פּאַפּיראָסן־הענדלער.

סוף פעברואַר 1944 זענען דייטשע זשאַנדאַרן געקומען אין „גיגאַנט" אַרעסטירן סטאַשעקן פון פּראַגע. ווייזט אויס, אַז מען האָט אים געמסרט צוליבן האַנדל מיט מיליטערישע מלבושים. צום גליק איז ער דעמאָלט נישט געווען אין אַזיל. פון יענעם טאָג אָן האָט ער זיך שוין דאָרט נישט געטאָרט באַווייזן. ער האָט באַקומען אַ נאַכטלעגער אויפן בוגיי און געצאָלט 100 זלאָטעס אַ חודש. דאָרט האָט ער זיך פאַרגעשטעלט אַלס סטאַניסלאַוו קאָוואַלטשיק, דער דאָזיקער נאָמען האָט אָבער שוין פיגורירט אין די דייטשע רשימות פון געזוכטע פּערזאָנען. און ווען די באַלעבאָסטע האָט געפאָדערט אַז ער זאָל זיך מעלדן, האָט דאָס יינגל אָנגעהויבן זיך אַרויסדרייען. ביי דער באַלעבאָסטע איז אַנטשטאַנען אַ חשד. יעדן טאָג האָט זי אים געדראָט

מיט אַרויסוואַרפן. היות ער האָט נישט געהאַט וווהין צו גיין, האָט ער כסדר זיך אויסגעקויפט מיט געלט און מיט מתנות.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער געקריגן פון מיר פאַלשע דאָקומענטן אויף אַן אַנדער נאָמען — סטאַניסלאַוו ווישניעווסקי. דאָס בייטן דעם נאָמען האָט ער דערקלערט פאַר דער באַלעבאָסטע מיט זיין אַנגעהעריקייט צו דער פּוילישער אונטערערד. דאָס איז איר געפעלן געוואָרן, האָט די באַלעבאָסטע מסכים געווען ער זאָל בלייבן ביי איר, בפרט, אַז אַחוץ דעם נאַרמאַלן אָפּצאָל און די מתנות, האָט סטאַשעק פון פּראַגע אַהיימגעבראַכט פון צייט צו צייט דייטשע מונדירן. די באַלעבאָסטע האָט זיי געפאַרבט און פאַרקויפט אויפן מאַרק.

אין מאָל זענען סטאַשעק און ראָמעק געגאַנגען אויף יאַסנע־גאַס און אָנגעשטויסן זיך ביים רעסטאָראַן „מאַרסקע אָקאָ" אויף אַ 16־יאָריק ייִנגל, וואָס האָט אין דעם דאָזיקן רעסטאָראַן געאַר־



סטאַשעק פון פּראַגע (רעכטס) און ראָמעק. פאָט. 1944

בעט אַלס פּיקאָלאָ. נאָך אַ קורצן געשפּרעך האָבן זיי זיך „צונויפֿ־געשמעקט”. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך ער איז אַ ייד. ער האָט זיך אָנגערופֿן מייסטערעק[27]. ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דער עקזיסטענץ פֿון דער גאַנצער גרופּע יידישע ייִנגלעך, האָט ער געוואָרפֿן זיין אַרבעט און אָנגעהויבן צו העלפֿן סטאַשעקן פֿון פּראַגע מיט ראַמעקן ביים איבערפֿירן די דייטשע מונדירן פֿאַר דער פּוילישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן דערביי גוט פֿאַרדינט און נישט איין מאָל מאַטעריעל געהאָלפֿן די ייִנגלעך פֿון פּלאַץ. זייער באַווייזן זיך אויפֿן פּלאַץ פֿון די דריי קרייצן, אָנגעטאָענע אין „טאָדט”־מונדירן, מיט די האַקנקרייצן אויף די אַרבל, האָט שטאַרק אימפּאָנירט די פּוילישע ייִנגלעך און גלייכצייטיק געוועקט אַ געפֿיל פֿון בטחון און גאווה ביי זייערע יידישע חברים.

# 19

## די, וואָס זענען געפאַלן

דערווייל האָבן עטלעכע יינגלעך געקריגן אַ צוגאָב־קוואַל פון הכנסה. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי געהאַנדלט אויפן פּלאַץ און אין אָוונט זענען זיי אַוועק צום טעאַטער „נאָוואָשטשי", אויף מאַקאַטאָווסקע 73, אַ שעה פאַר דער פאָרשטעלונג, אויסגעקויפט בילעטן און שפּעטער די זעלבע בילעטן פאַרקויפט צו אַ סך העכערע פּרייזן.

איין מאָל האָט געטראָפן, אַז ביי צווי יינגלעך זענען געבליבן נישט פאַרקויפטע בילעטן. זיי האָבן געזוכט פּאַרשפּעטיקטע געסט, אָבער אָן אַ רעזולטאַט.

— קומט פרייערס, נעמט זיך נישט איבער, מיר וועלן אַליין גיין אין טעאַטער. וואָס איז, מיר טאָרן נישט? — האָט גאַלעץ זיך אָנגערופן. זאַמבאַל, קולאַס און זבישעק זענען אַריין מיט אים אין טעאַטער. איינער פון די בילעטערן האָט זיי פאַרשטעלט דעם וועג.

— אַרויס, ממזרים! — האָט ער געשריגן.

— פּאַניע, נאָר נישט קיין ממזרים, — האָט זיך זבישעק אָנגערופן.

— איך בין טאַקע מיין מאַמעס ממזר, און דו... — האָט גאַלעץ צוגעגעבן.

— מיר האָבן דאָך בילעטן, — האָט קולאַס אויפגעקלערט.

דער ענין האָט אָנגעשפּאַרט צום דירעקטאָר און ער האָט געפּסקנט, אַז מען זאָל די יינגלעך יאָ אַריינלאָזן אין טעאַטער. זיי זענען גאַווהדיק אַריין אין זאַל און פאַרנומען פּלעצער אין די ערשטע רייען. די צושויער האָבן זיך אויפגעהויבן פון די בענקלעך און

באַטראַכט די ייִנגלעך, אָבער קיינעם איז זיכער נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס קאָנען זיין יידן.

די ייִנגלעך זענען געזעסן ביזן סוף פון דער פאָרשטעלונג, געמאַכט איראָנישע באַמערקונגען אויפן חשבון פון די אַקטיאָרן — צום פאַרדרוס, אָדער צום פאַרגעניגן פון געוויסע צושויער. אַ סך צושויער האָבן זיי געקענט פונעם פּלאַץ פון דריי קרייצן און נישט איין מאָל זיך צוגעהערט צו זייערע קריגערייען און אַמפּערנישן.

שטאָלץ פון זייער דרייסטן אויפטו, האָבן זיי אין אָוונט ביי דער „באַבטשע" דערציילט די חברים וועגן דעם. ביטשעק האָט זיי פון דעסטוועגן געמאַכט אַ פאָרוואורף, אַז זיי האָבן זיך נישט געדאַרפט וואַרפן אין די אויגן פון אַזוי פיל מענטשן. ווען זיי האָבן זיך פאַרטיידיקט און געזאָגט, אַז זיי דאַרפן זיך פאַר גאָרנישט שרעקן, האָבנדיק כשרע דאָקומענטן אין קעשענע, האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם ייִדישן אויסזען פון קולאַסן און דערקלערט, אַז די דאָקומענטן דאַרפן דינען, ווי אַ שוץ בעת אַ סכנה און נישט פאַר הפקרדיקע האַנדלונגען.

גאָר אינגיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געווען גערעכט. אין עטלעכע טעג אַרום האָט קולאַס באַמערקט, אַז עמעצער גייט אים נאָך אין גאַס. ביטשעק האָט אים געראָטן ער זאָל וואָס וויניקער זיך באַווייזן אויסערן געביט פון פּלאַץ. נישט געקוקט אויף דער פאָרזיכטיקייט איז דאָך געקומען צו אַן אינצידענט. אייניקע יונגע „שמאַלצאָווניקעס" האָבן קולאַסן געטראָפן אויף אַלעע יעראָזאָלימסקע און אים נאָכגעגאַנגען ביז אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן. ער איז געווען פאַרטראַכט און אפילו נישט באַמערקט, אַז מען שפּירט אים נאָך. די שמאַלצאָווניקעס האָבן זיך באַהאַלטן הינטערן קאָשטשאָל, געלויערט אויף ייִנגלעך מיט אַ ייִדישן אויסזען, באַפאַלן זיי, צונעמענדיק דאָס געלט און די פאַפּיראָסן. די גרעסערע ייִנגלעך מיט אַ „גוטן אויסזען" האָבן זיי טאַקע פאַרטיידיקט — גאַלעץ האָט אפילו צעשלאָגן ביז בלוט איינעם פון די שמאַלצאָווניקעס און זיי

האָבן געמוזט אַנטלויפן. אין עטלעכע שעה אַרום זענען זיי אָבער ווידער געקומען און אָנגעהויבן אַ געשלעג. דאָסמאָל זענען שוין נישט באַפאַלן די „יידן״, נאָר די „פּאָלאַקן״, וואָס האָבן זיי פּאַרטיידיקט. דאָס געשלעג האָט געדויערט אַ צייט און געענדיקט זיך מיט דער מפּלה פון די „שמאַלצאָווניקעס״. זיי זענען אַוועק און צוגעזאָגט ווידער צו קומען אויף צו מאָרגנס.

דאַן האָט מען אַלאַרמירט דעם „טריאָ״ פון פּראַגע. אויף צו מאָרגנס זענען אַלע געווען אויפן פּלאַץ. סטאַשעק פון פּראַגע איז אַ מאַנטל פון דער דייטשער אָרגאַניזאַציע „טאָדט״ און ראַמעק, האָבן זיך אַרומגעדרייט אויפן פּלאַץ, אָפּוואַרטנדיק די „שמאַלצאָווניקעס״, באַלד האָבן זיך באַוויזן פיר 14—15־יעריקע יאַטן און ענערגיש געפּאָדערט געלט ביי קולאַסן. דעמאָלט זענען צוגעלאָפן סטאַשעק פון פּראַגע, ראַמעק, ביטשעק און גאַלעץ, און האָבן אַריינגעשטופּט די „שמאַלצאָווניקעס״ אין אַ טויער אַריין. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ קורצער געשפּרעך און ראַמעק האָט אָנגעהויבן זיי צו דערלאַנגען מיט אַ שטעקן. זיי האָבן געוואָלט אַנטלויפן, אָבער סטאַשעק פון פּראַגע האָט זיי פאַרצוימט דעם וועג און מיט עטלעכע קאַפּניאַקעס „געזעגנט״ די אַנטלויפנדיקע.

— אויב איר וועט נאָך אַ מאָל טשעפּען עמעצן פון די יינגלעך, וועל איך אייך דערהרגענען ווי די הינט! — האָט ער זיי נאָכגעשריגן.

אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן; מ׳האָט נישט אויפגעהערט צו פאַרטשעפּען די יינגלעך. עס האָט זיך געשאַפן אַ געפערלעכער מצב, ווי אין באַלוש צייטן. עטלעכע פון די יינגלעך האָט מען ווידער געמוזט איזאָלירן ביז ס׳וועט אַריבער די שפּאַנונג.

נאָך לאַנגע דינגענישן האָט זיך איינגעגעבן צו איבערצייגן די פרוי לאָדזשאַ פון סאַסקע־קעמפּע זי זאָל נעמען צו זיך דריי יינגלעך. היות ווי זאַמבאַל האָט שוין פון פריער געוועכטיקט ביי איר, האָט

מען צוגעגעבן נאָך צוויי פון די אַממייסטן באַדראַטע — קולאַס און דעם קליינעם סטאַשעק.

קולאַס האָט שווער איבערגעלעבט דאָס צעשיידן זיך מיטן פלאַץ און דער עיקר — מיט טערעזען. ער האָט זיך געהאַלטן מיט איר צוזאַמען באַלד פון אָנהייב אָן. נאָך שטאַרקער האָט ער זיך צו איר צוגעבונדן ווען זיין שוועסטער באַשע איז אַוועק. אָבער טערעזע, אַ זאַכלעכע ווי תּמיד, האָט אים באַוויזן צו איבערצייגן, אַז צוליב זיכערקייט־טעמים איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג.

ביי פרוי לאַדזשאַ איז די יינגלעך געווען זייער גוט. די הויז־וועכטערין האָט זיי געלערנט לייענען, שרייבן און רעכענען פון די ביכלעך, וואָס איך האָב זיי צוגעשטעלט. די גאַנצע צייט האָבן זיי פאַרברענגט אין איר קליין ציכטיק צימערל, בלויז ווען מען האָט דערהערט טריט, האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין קלאָזעט.

אַלע קאָסטן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן אויסבאַהאַלטן, דערנערן און לערנען די קינדער, האָט געדעקט די „אָרגאַניזאַציע" (יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט).

און די יינגלעך, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער „מעלינע", האָבן נישט געהאַט קיין רעכט צו באַווייזן זיך אויפן פּאַלץ פון דריי קרייצן. איין מאָל אין וואָך האָב איך צוזאַמען מיט ביטשעקן באַזוכט די איזאָלירטע יינגלעך, כדי זיי איבערצוגעבן ידיעות פון די איבעריקע פּאַפּיראָסן־הענדלער.

אין יענער צייט האָט די „אָרגאַניזאַציע" פאַרנומען זיך מיטן זאַמלען זכרונות וועגן די אָקופּאַציע־איבערלעבונגען. ספּעציעלע פאַרבינדלער האָבן זיך באַמיט צוצורעדן די, וואָס זענען געווען אונטער זייער אויפזיכט, אַז זיי זאָלן שרייבן טאָגביכער. פאַר די אויסבאַהאַלטענע איז דאָס געווען אַ פּאָזיטיווע באַשעפטיקונג, זי האָט געהויבן זייער זעלבסטגעפיל. דער אָרגאַניזאַציע־אַרכיוו איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַלץ נייע מאַטעריאַלן. געוויסע קינדער האָט מען סטימולירט מיט פאַרשידענע באַלוינונגען זיי זאָלן שרייבן טאָג־

ביכער. היות ווי זאַמבאַל און קולאַס האָבן שוין געקענט שרייבן, האָב איך זיי איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט. אין אַרכיוו פון ייד. נאַצ. קאָמ. איז אָנגעקומען אַן אינטערעסאַנטער טאָגבוך פון זאַמבאַל. ער דערציילט דאָרט וועגן זיינע איבערלעבונגען בעת דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

*

ווען די פרוי לאַדזשאַ פלעגט אַרויסגיין פון שטוב, האָט זי זיך באַמיט איבערצולאָזן פאַר די קינדער עפּעס אַ באַשעפטיקונג, כדי זיי זאָלן נישט אַרומבריקעווען. זי האָט זיי „אויפגעגעבן" צו שרייבן, געהייסן צעוואַשן די כלים. זי האָט אַפילו געטראַכט צו קויפן פעדערן, כדי די יינגלעך זאָלן זיי ביז זומער אויסשלייסן. דער „קליינער סטאַשעק" האָט גערן געפאָלגט דער באַלעבאָסטע, דאַקעגן זאַמבאַל און קולאַס האָבן איר נישט איין מאָל פאַרשאַפט צרות. זאַטע און אויסגערוטע, האָבן די יינגלעך בשום אופן נישט געקאָנט איינזיצן רויק. זיי האָבן זיך געפילט זיכער אין דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל, וווּ פרוי לאַדזשאַ האָט געוווינט. און ווי נאָר די באַלעבאָסטע איז אַוועק פון שטוב, האָבן זיי אַוועקגעוואָרפן די ביכער, העפטן און די אַרבעט און אָנגעהויבן אַרומלאָבוסעווען.

איין מאָל, ווען פרוי לאַדזשאַ איז אַרויסגעגאַנגען, האָבן זיי גענומען שפּילן אין דאַמקע. גאָר גיך איז זיי די שפּיל נמאס געוואָרן און האָבן אָנגעהויבן זוכן אַן אַנדערע פאַרוויילונג.

אין ווינקל פון צימער איז געשטאַנען אַן אַלטמאָדישער קאָמאָד מיט אַ גרויסן שפּיגל און דערנעבן איז געהאַנגען אַ מעטאַלענער טעלער, מיט אַן אויסגעפּרעגטער לאַנדשאַפט.

— מיר וועלן זען ווער ס׳וועט טרעפן — האָט זאַמבאַל פאַרגעלייגט. ער האָט געוואָרפן אַ שטעקשוך און געטראָפן. דער מעטאַלענער טעלער האָט אַ קלונג געטאָן.

— און דו? — האָט ער זיך געווענדן צו קולאַסן.

קולאַס האָט אויפגעהויבן פון דער פאָדלאָגע אַ שיך־בערשטל און אַ וואָרף געטאָן. ווידער אַ קלונג — נאָר דאָס מאָל אַן אַנדערער. צוויי געפּלאַצטע ליניעס האָבן זיך באַוויזן איבער דער לענג און ברייט פון שפּיגל. די ייִנגלעך זענען צוגעלאָפן, געטאַפּט מיט די פינגער דאָס גלאָז און געקוקט אויף זיך אין פּאַניק.

— וואָס וועט איצט זיין? לאָמיר אַנטלויפן! — האָט קולאַס אַ געשריי געטאָן.

זיי האָבן איבערגעלאָזט דעם קליינעם סטאַשעק אַ וויינענדיקן און זענען אַוועק אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן. ביטשעק האָט אויס־געהערט זייער דערציילונג און באַפוילן זיי זאָלן תיכף צוריקגיין צו פּרוי לאָדזשאַ. זאַמבאַל האָט געפאָלגט, אַריין אין טראַמוויי און צוריקגעפאָרן.

קולאַס האָט אָבער מורא געהאַט. אין זיין דמיון איז דאָס צעבראָכן אַ שפּיגל אויסגעוואָקסן צום פאַרנעם פון אַ גרויס פאַרברעכן. בערך אַ שעה צייט האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבערן פּלאַץ, ביז ער האָט ענדלעך באַשלאָסן אַהיימצופאָרן. זייט דאַן איז ער אָבער פאַרשוווּנדן, קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס איז מיט אים געשען. ערשט אין עטלעכע טעג אַרום האָט אַ פּוילישער פּאַפּיראָסן־הענדלער דערציילט, אַז ער האָט געזען אויף אַלעע שוכאַ ווי אַן אוקראַינער האָט קולאַסן געשלעפּט אין געסטאַפּאָ.

זבישעק האָט זיך, ווי תמיד, געוויצלט:

— נידער מיט די פּרייערס! אויף אים שטייט שוין זיכער אַ צלם.

ער האָט דערביי געמאַכט אַ מאַקאַברישן וויץ:

— דאָ איז דער פּלאַץ פון די דריי קרייצן; איין קרייץ איז שוין פאַראַן!

די ייִנגלעך זענען געוואָרן אויפגעציטערט פון דער „נבואה״. לסוף האָט אים ביטשעק אָנגעזעצט:

— דו גיב בעסער אַכטונג, אַז אויף דיר זאָל נישט אויסוואַקסן קיין קרייץ!

✶

דערווייל האָט דער פרילינג זיך דערנענטערט צום סוף. דער פראָנט האָט זיך איבערגערוקט אַלץ ווייטער צום מערב. אין פּריוואַטע שמועסן האָבן די דייטשן אַלץ אָפטער זיך אָנגעהויבן צו באַקלאָגן אויף דער מלחמה און צו דערקלערן זיך אַלס קעגנער פון „פּירער״.

אין דער צווייטער העלפט מאַי 1944, ווען קאַזשיק דער פּראָנ־צויז איז געשטאַנען מיט פּאַפּיראָסן פאַרן בנין פון „אימקאַ״, איז ער געוואָרן דערקענט דורך אַ יונגן עסעס־מאַן, אַ געבוירענעם אין על־זאַס, וועלכער האָט אים געקענט פון פּאַריז. דער עסעס־מאַן, וואָס האָט אויסגעצייכנט גערעדט פראַנצויזיש, האָט פאַרבעטן דאָס יינגל אין רעסטאָראַן און באַשטעלט די בעסטע מאכלים. שפּעטער זענען זיי אַוועק אין קינאָ „אַפּאָלאָ״. דער עלזאַסער האָט גערעדט אויף היטלערן און אויף דער מלחמה. נאָכן סעאַנס האָט ער דאָס יינגל פאַרבעטן צו זיך, כדי אים צו ווייזן בילדער פון פראָנט. נישט פאַרויספילנדיק קיין שלעכטס האָט ס׳יינגל מסכים געווען. ער האָט אַפילו באַוויזן זיך צו באַרימען פאַר די חברים זיינע מיטן וויכטיקן פריינד, וואָס ער האָט געפונען. ער איז אַוועק מיטן דייטש און מער נישט צוריקגעקומען. יענער האָט אים אַוועקגעפירט אויף אַלעע שוכאַ, אין געסטאַפּאָ. ביי די יינגלעך איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק. זיי האָבן נישט געקאָנט מוחל זיין קאַזשיקן זיין לייכטזיניקייט. חוץ דעם האָבן זיי מורא געהאַט, טאָמער וועט ער זיך פאַרלירן, נישט אויסהאַלטן די פּייניקונגען און זיי אַלע אויסגעבן.

בלויז אויף זבישעקן האָט די באַגעגעניש נישט געמאַכט קיין באַזונדערן איינדרוק.

— האָב איך נישט געזאָגט? אָט האָט איר שוין אַ צווייטן קרייץ. אינטערעסאַנט ווער ס׳וועט זיין דער דריטער — האָט ער זיך ווייטער געוויצלט אויף זיין שטייגער.

אָבער דאָ האָט שוין ביטשעק נישט אויסגעהאַלטן און מיטן גאַנצן כוח דערלאַנגט אים אַ פּאַטש אין פּנים.

די פּאַפּיראָסן־הענדלער האָבן פאַרלאָזט דעם פּלאַץ און אַנטלאָפן פון די „מעלינעס", וואָס זענען געווען באַקאַנט קאַזשיקן. די ווינוב־גען פון דער „באַבטשע" און פון פרוי לאַדזשאַ זענען אויף אַ שטיקל צייט געוואָרן אויסגעליידיקט. די יינגלעך האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער שטאָט. דער ביזאיצטיקער שטענדיקער קאָנטאַקט צווישן זיי איז איבערגעריסן געוואָרן. צופעליק פלעגן זיי זיך טרעפן אין גאַס, זיי האָבן גענעכטיקט אין חורבות, אויף בוידעמס. צו זייער מזל האָט זיי צוגעשפּילט דאָס וועטער — די היצן אין דרויסן.

*

ביטשעק האָט זיך באַקענט מיט עטלעכע פּוילישע יינגלעך און זיי האָבן אים אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט פון אַן אונטערערדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גרויע רייען". יעדע עטלעכע טעג איז ער גע־גאַנגען צו זייערע פאַרזאַמלונגען אויף פּאָלנע־גאַס, ווו דער אָנפירער פון דער גרופּע, „מיראָסלאַוו", האָט אַדורכגעפירט מיליטערישע איבונגען און פּאָליטישע שמועסן. די יינגלעך האָבן אויסגעפירט די ראָל פון פאַרבינדלער, אָדער זיך באַטייליקט אין דער אַזוי גע־רופענער „קליינער דיווערסיע": פונאַנדערגעטראָגן אומלעגאַלע צייַ־טונגען, אויסגעקלעפּט אַנטי־דייטשע אויפרופן. מיט דער צייט האָבן זיי זיך אויך באַטייליקט אין וויכטיקערע אַקציעס. פאַר ביטשעקן האָט די דאָזיקע אַרבעט טאַקע באַדייט אַ דאָפּלטע געפאַר, זי האָט אָבער אויך געגעבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרבינדן זיך מיט מענטשן, וואָס האָבן געקאָנט העלפן אין פאַרשידענע שוועריקייטן.

אַ טייל פון די פּאַפּיראָסן־הענדלער האָבן זיך איבערגעוואָרפן צום האַנדל מיט צייטונגען. אין שייכות מיטן דערנענטערן זיך פון מזרח־פראָנט און מיט דער אָפענסיווע פון די אַליאַנטן אויף מערב, איז ביי דער באַפעלקערונג געוואַקסן דער אינטערעס צו די מלחמה־

נייעסן. דער עולם האָט ממש צעכאַפּט די ציַיטונגען מיט די ידיעות וועגן „פלאַנירטן ריקצוג" פון דייטשן מיליטער. נאָכן פאַרקויפן די צייטונגען, אָדער די פּאַפּיראָסן, זענען די יינגלעך אָפּט אַוועק צו דער ווייסל, געלעגן אויפן זאַמד אונטער דער וואַרעמער זון, אָדער אַרומגעבראָיעט אין וואַסער. דאָ אַהער פלעגן אויך אַ מאָל קומען די יינגלעך וואָס האָבן געוווינט ביי פּרוי לאַדזשאַ.

בעת אַזאַ פאַרוויילונג, האָט דער קליינער סטאַשעק זיך דערווייטערט פון ברעג און אָנגעהויבן זיך צו טרינקען אין וואַסער. אַלע האָבן זיך געוואָרפן ראַטעווען. ראַמעק, וועלכער האָט געקענט גוט שווימען, האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער און אים איבערגעגעבן די אַנדערע חברים, אָבער אַליין האָט געכאַפּט אַ קורטש אין פוס און איידער די אַנדערע יינגלעך האָבן באַוויזן זיך צו אָריענטירן וואָס איז געשען, האָט דער שטראָם אַוועקגעשלעפּט ראַמעקן. מען האָט אַלאַרמירט די וואַסער־פּאָליציי. די יינגלעך מיט אַ סעמיטישן אויסזען האָבן זיך דערווייטערט און נאָכגעפאָלגט אויף דער פּאָניאַטאָווסקי־בריק דעם פאַרלויף פון דער רעטונג־אַקציע. די איבעריקע האָבן צוזאַמען מיט דער פּאָליציי געזוכט ראַמעקן אין וואַסער, אָבער אומזיסט. ערשט אויף צו מאָרגנס איז ביי פּעלצאָוויזנע אַרויסגעשווומען דער גוף פון דערטרונקענעם.

אויף דער לוויה, וואָס איז פאָרגעקומען אין צוויי טעג אַרום זענען נעבן דער משפּחה פון פאַרשטאָרבענעם, געגאַנגען סטאַשעק פון פּראַגע, ביטשעק, גאָלעץ און זבישעק. גייענדיק, האָבן זיי דערמאָנט קולאָסן און דעם פראַנצויז, וועלכע האָבן נישט זוכה געווען צו האָבן אייגענע קברים.

נעבן קרייץ, אויפן קבר פונעם חבר, האָט סטאַשעק פון פּראַגע געלייגט אַ קראַנץ בלומען, אין נאָמען פון דער „באַנדע".

אין ראַמעקן האָבן זיי פאַרלוירן דעם בעסטן פריינד, אַ געטרייען חבר אין אַ נויט און אַ פאַרטיידיקער אין שווערע מאָמענטן.



מיין קאָנטאַקט מיט די פּאַפּיראָסן־הענדלער איז געוואָרן זייער קאָמפּליצירט. דאָס אויסזוכן די באַזונדערע קינדער אין פאַרשידענע פּונקטן פון שטאָט האָט מיך געשטעלט אין אַ געפערלעכער לאַגע. אין אַזאַ סיטואַציע האָט די אויפזיכט־אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע זיך נישט געקאָנט אַנטוויקלען ווי ס׳דאַרף צו זיין. דערצו איז צוגעקומען אַ צוזאַמענשטויס מיט גאָלעצן, וואָס האָט איבערגעפּולט די מאָס.

צופעליק האָב איך אים געטראָפן אויף נאָווי־שוויאַט. ער איז געווען זייער דענערווירט. באַלד ווי ער האָט מיך דערזען, האָט ער פאַרלאַנגט, כ׳זאָל אים שאַפן דאָקומענטן אויף אַ נייעם נאָמען, ווייל די ביזאיצטיקע זענען „פאַרברענט״ געוואָרן. זיין האַלטונג איז געווען אַ גענוג צודרינגלעכע. איך האָב גענומען ביי אים אַ פאָטאָגראַפיע פאַר אַ „קענקאַרטע״ און צוגעזאָגט צו ברענגען נייע דאָקומענטן אַזוי שנעל, ווי דאָס וועט נאָר מעגלעך זיין. אָבער מיט דעם האָט עס זיך נישט געענדיקט.

— איך מוז יעדן חודש קריגן 1.500 זלאָטעס — האָט ער שאַרף געזאָגט, — אויב נישט, וועל איך וויסן וואָס כ׳האָב צו טאָן.

די דאָזיקע דראָונג האָט מיך איבערראַשט. ס׳האָט געקלונגען ווי שאַנטאַזש.

אין אָנהייב האָב איך זיך באַמיט אים אויפצוקלערן, אַז ער באַקומט דאָך חודשלעך 500 זלאָטעס — אַזוי ווי יעדער דערוואַקסענער ייד, און דאָס דאַרף סטייען אויף אַ באַשיידן לעבן, אָבער גאָלעץ איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיין פאָדערונג. איך האָב געהאַלטן יעדע דיבורים פאַר איבעריק און אים צוגעזאָגט איבערצוגעבן זיין ביטע צו די געהעריקע פּערזאָנען. מיר האָבן באַשטימט דעם טערמין און דאָס אָרט פאַר דער קומענדיקער באַגעגעניש.

אין דער „אָרגאַניזאַציע״ האָט מען לאַנג זיך מישב געווען ווי

אַזוי צו צוימען די געפּערלעכע נייגונגען ביים יינגל. עס איז באַ־שלאָסן געוואָרן אָנצווענדן געוויסע דראַסטישע מיטלען: אין דער שעה ווען כ׳האָב זיך אָפּגערעדט מיט אים, זענען אָנשטאָט מיר, געקומען צוויי מענער פון מיינע מענטשן *. זיי האָבן שנעל דערקענט דאָס יינגל לויט דער באַקומענער פאָטאָגראַפיע און אים אַריינגעפירט אין אַ טויער. איינער פון די מענער, מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט *, האָט פאָרגעלייענט אַ כלומרשטן טויטאורטייל, וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן אויף אים דורך דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פאַר שאַנטאַזשירן יידן. צווישן די שאַנטאַזשירטע האָט מען אויסגערעכנט אויך מיין נאָמען.

דאָס יינגל איז בלייך געוואָרן פון שרעק. ער האָט געבעטן, אַז מען זאָל אים שענקען ס׳לעבן, געקושט זיי די הענט. נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָבן די מענער געמאָלדן, אַז זיי זענען גרייט צו פאַר־הענגען דאָס אויספירן דעם אורטייל, ווייל ער ווייזט אַרויס חרטה. אָבער:

— אויב מיר וועלן זיך דערוויסן, אַז דו האָסט עמעצן געטשעפּעט, וועלן מיר דיך דערשיסן אויפן אָרט — האָבן זיי אים געדראָט פאַרן אַוועקגיין.

פון דעמאָלט אָן איז גאָלעץ געוועזן ווי צו אַ מכה צוצולייגן.

דער פאַל מיט גאָלעצן האָט דעצידירט, אַז מ׳זאָל אָנהייבן טראַכטן וועגן אַן אַנדערער פאָרעם פון אויפזיכט און הילף פאַר די פּאַפּיראָסן־הענדלער. בקרוב האָט מען געפונען אַן אויסגעצייכנטן אויסוועג פון דער סיטואַציע.

אַ דאַנק באַשעס שטאַרקע באַמיונגען איז געלונגען אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט פרוי דאַרגעל, די לייטערין פון ר.ג.אָ.־ביוראָ אויף

---

* מענדל ליפּשיץ, (אַרגענטינע), פּיאָטר כמיעלאָוויעץ, (קאַנאַדע).

ווידאָק. די פרוי האָט מסכים געווען איבערצונעמען די ווייטערדיקע אויפזיכט איבער די יידישע יינגלעך. און ווייל זיי האָבן שוין געהאַט „אַרישע פּאַפּירן", זענען זיי געוואָרן פאַררעגיסטרירט אין ר. ג. אָ. אַלס פּוילישע יתומים. נישט איינער פון די קינדער האָט ביים איינשרייבן די פערסאָנאַליעס פאַרגעסן די נעמען פון „זיינע" עלטערן, אָבער די פרוי דאַרגעל איז געשטאַנען אויף דער וואַך און אונטערגעזאָגט די יונגע אינטערעסאַנטן די ערשטע בעסטע פּוילישע נעמען. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן אַלע קינדער באַקומען קאַרטלעך אויף מיטאָגן אין דער קיך אויף נאָווי־שוויאַט 9. יעדן טאָג מיטאָגצייט פלעגן זיי זיך צונויפקומען פון אַלע עקן שטאָט. זיי האָבן זיך דערציילט וועגן די נייעסן פון טאָג. ס'איז אויך געטראַכט געוואָרן וועגן מלבושים פאַר די קינדער. וואָס אַן אמת האָט די מערהייט זיך באַקליידט אויפן אייגענעם חשבון און מיט די אייגענע „פעיקייטן", אָבער ביי דעם שטייגער לעבן, וואָס די קינדער האָבן געפירט, זענען שנעל צעריסן געוואָרן זייערע מלבושים און נאָך שנעלער זייערע שיך.

גלייך ווי איך האָב באַקומען פון דער „אָרגאַניזאַציע" די נייטיקע סומע, האָב איך איינגעקויפט פאַר די קינדער וועש־קאָמפּלעטן און אַ ביסל אָנטועכץ מיט שוכוואַרג. אין געוועלבל פון פרוי בזשוסקאַ, אויף סענדזשאָווסקע־גאַס, האָב איך צוגעגרייט די מלבושים־פּעקלעך. אויף יעדן פון זיי איז געווען אָנגעשריבן דער אַרישער נאָמען פון קינד. די פּעקלעך און דאָס געלט האָב איך איבערגעגעבן דער פרוי דאַרגעל אין ר. ג. אָ. צו וועלכער די קינדער פלעגן קומען יעדע צוויי וואָכן.

✶

דערווייל האָט דער פראָנט זיך שנעל דערנענטערט. דאָס סאָוויעטישע מיליטער האָט אָנגעגריפן אַלץ שטאַרקער. אין מזרחדיקן טייל פון פּוילן זענען פאַרגעקומען שווערע קאַמפן. יעדער טאָג

האָט געמאָלדן וועגן אַ סך באַפּרייטע שטעט. אין וואַרשע האָט גע־הערשט אַ געשפּאַנטע שטימונג פון דערוואַרטונג. דער אָנבליק פון פּאַניש־אַנטלויפנדיקע דייטשן האָט אָנגעזאָגט די נאָענטע באַפּרייונג. פון מויל צו מויל האָט מען זיך איבערגעגעבן די ידיעה וועגן אויפ־שטאַנד, וואָס דאַרף אָט־אָט אויסברעכן אין וואַרשע. דעם 1־טן אוי־גוסט 1944 איז אויסגעבראָכן דער וואַרשעווער אויפשטאַנד.

20

## אויף דער שוועל פון באפרייונג

די שפּאַנונג איז געוואַקסן פון שעה צו שעה. איך האָב פּאָרויסגעזען שווערע שלאַכטן אין וואַרשע, דערפאַר האָב איך רעקאָמענדירט די פּאַפּיראָסן־הענדלער, זיי זאָלן וואָס שנעלער אַוועק אויף יענער זייט ווייסל. אייניקע פון זיי האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

— מיר ווילן זיין ביים אויפשטאַנד — האָבן זיי געטענהט.

מיינע אַרגומענטן, אַז זיי דאַרפן זיך געפינען וויטער פון די קאַמפן, האָבן נישט געווירקט. זיי האָבן זיך שוין געהאַלטן פאַר דערוואַקסענע.

— אַנדערש איז מיט באַלושן, אים דאַרף מען באַוואָרענען — האָבן זיי געטענהט.

צוליבן דערנענטערן זיך פון פראָנט האָט די פאַמיליע אידזשיקאָווסקי פון גראָכאָוו באַשלאָסן זיך איבערצוטראָגן אין זייער ווילע קיין מיכאַלין און מיטגענומען מיט זיך באַלושן.

אַן אָפּטיילונג פון דער אונטערגרונד „גרויע רייען”, אין וועלכער ביטשעק האָט זיך געפונען, האָט באַקומען אַ באַפעל זיך דורכצוררייסן אויף מזרח. באַגינען פון 29־סטן יולי 1944 איז די אָפּטיילונג אַרויס אין דער ריכטונג פון פּילאַווע, וואָס איז דעמאָלט שוין געווען פאַרנומען פון סאָוויעטישן מיליטער. זיי האָבן נישט באַוויזן אָנצוקומען קיין גאַרוואָלין ווי זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף די ערשטע סאָוויעטישע טאַנקען. אויף אַזאַ אופן איז ביטשעק, דער אָנפירער פון דער „באַנדע פּאַפּיראָסן־הענדלער”, געוואָרן באַפרייט דער ערשטער

פון די יינגלעך. אין דער זעלבער צייט איז הינטער זאַמבראָוו געוואָרן באַפרייט קובאַ. וואָלאַדעק און יורעק האָבן זיך באַהאַלטן צוזאַמען מיט אַנדערע יידן אין אַ בונקער אין שווידער. דעם 30־סטן יוני זענען זיי געוואָרן באַפרייט דורכן סאָוועטישן מיליטער און דורך דער פּוילישער אַרמיי.

אין קעלער פון אידזשיקאָווסקיס ווילע אין מיכאַלין איז געזעסן דער באַהאַלטענער באַלוש; ער האָט איבערגעלעבט שווערע מינוטן, ווייל אין יענער סביבה איז דערגאַנגען צו שאַרפע קאַמפן. די הייזלעך האָבן זיך געטרייסלט פון באָמבע־דעטאָנאַציעס. סעריעס פון מאַשינ־געווער האָבן אונטערגעשניטן דיביימער.

דער געלער האָט זיך באַהאַלטן צוזאַמען מיט זיין מוטער אויף בזשעסקע־גאַס אין פּראַגע.

זבישעק האָט זיך געפונען אין „גיגאַנט". פון דאָרט איז ער צוזאַמען מיט אַנדערע פּאָליאַקן געוואָרן אַרויסגעשיקט דורך די דייטשן אין רייך אַריין.

קינאָלן האָט דער אויפשטאַנד געטראָפן אויף סאָסקע־קעמפּע. ער איז אַוועק צו אַ געוויסן כמיעלטשיק, אויף פּאָסעלסקע. זיבעט עט־לעכע טעג האָט זיך דאָרט געפונען דער קליינער סטאַשעק — די פרוי לאָדזשאַ האָט אים איבערגעפירט אַהין.

ביי דער פרוי לאָדזשאַ אויף ראַדזשיווילאָווסקאַ איז געבליבן בלויז זאַמבאַל.

דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו פּראַגע. מענטשן זענען געלאָפן פון די באַדראָטע געביטן און אַרויסגעפירט מיט זיך די בייטיקסטע זאַכן. זאַמבאַל האָט געפונען ערגעץ אַ קליין וועגעלע און ער האָט אויף דעם איבערגעפירט די חפצים פון די פּליטים. דערפאַר האָט ער געקריגן עסנוואַרג און געלט.

קינאָל און דער קליינער סטאַשעק האָבן באַגלייט כמיעלטשיקן

אין זיינע עקסקורסיעס נאָך „שאַבער"* אין די פּאַרלאָזטע הייזער.

דעם 14־טן סעפּטעמבער איז געוואָרן באַפרייט פּראַגע און די סאַסקע־קעמפּע. אין די ערשטע אָפּטיילונגען, וואָס האָבן אַהין אַריינ־מאַרשירט איז אויך געווען אַ געוויסע צאָל יידישע זעלנער. זאַמבאַל, קינאַל און דער קליינער סטאַשעק זענען אַרויס אויף דער גאַס און דאָרט באַגעגנט און זיך געפריינט מיטן ערשטן ייד. זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן די איבעריקע פּאַפּיראָסן־הענדלער. אין גראָכאָוו האָבן זיי באַגעגנט ביטשעקן, וועלכער האָט באַוויזן שוין צוריקצוקומען פון גאַרוואָלין.

בליצשנעל האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן אין דער געגנט די ידיעה וועגן די אָפּגעראַטעוועטע יידישע קינדער. די סאָוויעטישע און פּוילישע זעלנער, אָפיצירן, האָבן מיט באַוווּנדערונג געקוקט אויף די קינדער און זיך אויסגעפרעגט די קלענסטע פּרטים פון זייערע איבערלעבונגען.

צו מאָרגנס האָט איינער פון די סאָוויעטישע אָפיצירן אַוועקגע־פירט די יינגלעך, לויט זייער בקשה, צו באָלושן קיין מיכאַלין. די קינדער האָבן געוויינט פון פרייד. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז אין לובלין עקזיסטירט אַ יידישער קאָמיטעט און זיי זענען גלייך אַהינגעפאָרן.

דער לאָקאַל פונעם יידישן קאָמיטעט אין לובלין, אויף לובאַר־טאָווסקע 19, איז אַ גאַנצן טאָג געווען באַלאַגערט פון יידן, אָפּגעראַטעוועטע פון די נאַצישע הענט, און פון אַ צאָל יידן, וואָס זענען צוזאַמען מיט פּוילישן מיליטער צוריקגעקומען פון ראַטן־פאַרבאַנד. יעדער איינער האָט געזוכט אַ נאָענטן. די וווּנט זענען געווען באַקלעפּט מיט צעטלען וועגן געזוכטע קרובים. אונדזערע יינגלעך האָבן שעהנווייז געזוכט אין בוך פון די פאַררעגיסטרירטע

---

* רויבן פּאַרלאָזט פאַרמעגן.

יידן, אָבער קיין איין נאָמען פון זייערע קרובים האָבן זיי דאָרט נישט געפונען.

— זע נאַר! אונדזער „עמך" — האָט פּלוצלינג זאַמבאַל אויסגעשריגן.

די יינגלעך זענען צוגעלאָפן צו אים. ווידער אַ הייסע באַגעגעניש. אין משך פון עטלעכע שעה האָבן זיי זיך דערציילט וועגן זייערע איבערלעבונגען אין די לעצטע אָקופּאַציע־טעג. פאַר נאַכט האָבן די יינגלעך געטראָפן יורעקן און וולאַדעקן. די גאַנצע גרופּע האָט איינגעאָרדנט אַ חברים־„סעודה" אין אַ נאָענטן רעסטאָראַן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט קינאַל זיך דערוווּסט, אַז זיינע צוויי שוועסטערס האָבן זיך געראַטעוועט אין אַ דאָרף נעבן וואַרשע.

דעם 29־סטן סעפּטעמבער איז אָנגעקומען קיין לובלין אַ גרופּע פּוילישע אויפשטענדלער, וועלכער ס'האָט זיך איינגעגעבן אַריבערצושווימען די ווייסל, ווען ס'זענען געפאַלן די לעצטע פּאָזיציעס פון פּראַווישלע. צווישן זיי איז אויך געווען גאַלעק, וואָס האָט זיך געמאָלדן אַלס פרייוויליקער אין מיליטער באַלד דעם ערשטן טאָג פון אויפשטאַנד. די פּאַפּיראָסן־הענדלער האָבן אים מוחל געווען זיינע חטאים פון דער אָקופּאַציע־צייט און אים צוריק אַריינגענומען אין זייער חברותא.

אויך אַנדערע פּאַפּיראָסן־הענדלער אין די פאַרשידענע ערטער פון וואַרשע, האָבן ביים אויסברוך פון אויפשטאַנד תיכף זיך געמאָלדן אין די ווערביר־פּונקטן.

טערעזע מיט איר פּוילישער חברטע, ווי אויך האַלינקע, זענען געוואָרן צוגעטיילט צו דער סאַניטאַרער דינסט ביים רויטן קרייץ אין מיטלשטאָט. די שוועסטערס, מאַרישע און סטעפּטשע, האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער סקויטישער פאַרבינדלער־דינסט. אונטער דער שיסעריי פון דייטשן מאַשינגעווער האָבן זיי איבערגעטראָגן בריוו און מעלדונגען צו די מיליטערישע פּאָזיציעס. סטעפּטשע האָט ערגעץ באַקומען אַ קליינעם רעוואָלווער און מיט שטאָלץ האָט זי אים

פּרעזענטירט פֿאַר די זעלנער. „קאַיטעק" — אַזאַ פּסיידאָנים האָט סטעפּטשע געקריגן — איז געווען דאָס אויג אין קאָפּ ביי דער גאַנצער אָפּטיילונג.

אויף האָזשע־גאָס ביים ראָג פּלאַץ פֿון די דריי קרייצן, איז בורעק געוואָרן צוגעטיילט צום פּלוטאָן פֿון פּאָרוטשניק „טאַפּור". פֿון אָנ־הייב האָט ער אויסגעפֿירט די פֿונקציע פֿון אַ פֿאַרבינדלער, אָבער גלייכצייטיק האָט ער זיך באַטייליקט אין אָנפֿאַל פֿון דער גרופּע אויף פּראָסקאָטי. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט מען אים איינגע־שלאָסן אין דער קאַמף־גרופּע אַלס פֿולבאַרעכטיקטן זעלנער. ער האָט באַקומען דעם פּסיידאָנים „פּיסטאָלעט".

קאָטלעטשאַזש האָט געקעמפֿט אויף מאָקאָטאָווסקע אין די אָפּ־טיילונגען פֿון מאַיאָר „סאַרנאַ".

אָבער די גרעסטע אַקטיווקייט בעתן אויפֿשטאַנד האָבן אַרויס־געוויזן די ברידער פּאַוועל און זענעק.

ווען דער אויפֿשטאַנד איז אויסגעבראָכן זענען זיי געבליבן שטעקן אויף דער בראַצקע, ראָג אַלעע־יעראָזאָלימסקע. צוזאַמען מיט אַנ־דערע יינגלעך האָבן זיי זיך געמאָלדן אויפֿן ווערביר־פּונקט און גע בעטן, אַז מען זאָל זיי אויפֿנעמען אין די רייען פֿון די אויפֿשטענד־לער. צוליב זייער יונגן עלטער האָט מען זיי נישט געוואָלט אָננעמען. די יינגלעך האָבן אָבער נישט געוואָלט רעזיגנירן — און דעם גאַנצן טאָג זיך געדרייט נעבן די פּאָזיציעס, געפּאַרעט זיך אַרום די זעלנער און געטאָן פֿאַר זיי פֿאַרשידענע אַרבעטן. זיי האָבן געוואַרט אויף אַ מאָמענט ווען זיי וועלן זיין נייטיק און נוצלעך. אַזאַ מאָמענט איז גיך געקומען.

די דייטשן האָבן זיך געהאַט באַפֿעסטיקט אין איינציקע בנינים, צווישן אַנדערע — אין „באַנק גאָספּאָדאַרסטוואַ קראַיאָוועגאָ", וואָס האָט זיך געפֿונען עק אַלעע־יעראָזאָלימסקע און נאָווי־שוויאַט. זיי האָבן באַשאָסן די פּאָזיציעס פֿון די אויפֿשטענדלער מיט לייכט־ און שווער געווער. די אַלעע־יעראָזאָלימסקע, באַשאָסן פֿון ביידע זייטן —

פון באַנק־בנין און פון הויפּט־וואָקזאַל — איז געוואָרן אַ מין „קייר נעמס לאַנד". אין מיטן דער גאַס זענען געלעגן צוויי דערהרגעטע דייטשן און נעבן זיי — צוויי ביקסן און עטלעכע גראַנאַטן. דאָס געווער איז געווען נייטיק פאַר די אויפשטענדלער און מ'האָט עס געדאַרפט אַרויסשלעפּן פון באַשאָסענעם שטח. פּאַוועל האָט זיך פרייוויליק געמאָלדן אויסצופירן די דאָזיקע אויפגאַבע. דער פּאָרוטשניק, קאָר מאַנדיר פון דעם אָפּשניט, האָט נאָך לאַנגע בעטענישן זיינע, מסכים געווען צו דעם יינגלס פאָרשלאַג. נאָך האַלבער נאַכט איז דער פרייר וויליקער פּאַוועל אַרויסגעקראָכן פון חורבה. ווען ער איז שוין געווען אין מיטן ברוק, נאָענט צום ציל, האָבן די דייטשן דערהערט אַ פּאַר־ דעכטיק גערויש און האָבן אַרויסגעשאָסן אַ ליכט־ראַקעטע. פּאַוועל איז געבליבן ליגן פאַרגליווערט. מען האָט אויסגעשאָסן נאָך עט־ לעכע ראַקעטעס און ס'איז ווידער געוואָרן שטיל און פינצטער. דאָס יינגל האָט זיך אָפּגעשאָקלט פון דער שרעק און ווייטער געפּויזעט צו די דערהרגעטע דייטשע זעלנער.

די ביקסן און גראַנאַטן האָט ער צוגעבונדן צום רימען, אַרויס־ גענומען פון מאַגאַזין אַלע קוילן, באַהאַלטן זיי אין קעשענע, דערנאָך אַרויסגעקראָכן פון באַדראָטן שטח און צוריקגעפּויזעט צו דער פּוי־ לישער פאַרטיידיקונג־ליניע.

נאָך דער דאָזיקער טאַט זענען ביידע ברידער געוואָרן אָנגענומען אין די אויפשטענדלער־רייען. מען האָט זיי רעגיסטרירט אונ־ טערן נאָמען באַרקאָווסקי. פּאַוועל האָט באַקומען דעם פּסיידאָנים „צוואַניאַק" און זענעק — „מיקי". זיי זענען געוואָרן צוגעטיילט צו דער קאָמענדאַנטור פון ראַיאָן אַלס פאַרבינדלער. די יינגלעך, שטאָלצע פונעם צוגעטיילטן כבוד, האָבן אויסגעפירט זייערע פליכטן מיטן גרעסטן אייפער. די דערפאַרונג וואָס זיי האָבן דערוואָרבן אין די צייטן פון געטאָ־שמוגל און פון זייער שטורמישן לעבן אויף דער אַרישער זייט, איז זיי בייגעשטאַנען. זיי זענען געווען פלינקער, ווי אַ סך פוילישע יינגלעך אין זייער עלטער און גישט אָפּגעשטאַנען פון

יענע מיט זייער דרייסטקייט. זיי האָבן זיך פולשטענדיק צוגעפּאַסט צום סטיל פון דער נייער סביבה. טאָג און נאַכט האָבן זיי פאַרבראַכט מיטן מיליטער. נישט איין מאָל האָט מען זיי געטראָפן ליגן צוזאַמען מיט די זעלנער אויף דער ערשטער פאַרטיידיקונג־ליניע.

אויפן ברוק פון אַלעע־יעראָזאָלימסקע זענען געלעגן אַ סך געהרגעטע און פאַרוואונדעטע, וועמען מ׳האָט נישט געקאָנט העלפן, ווייל דאָס אַרויסשטעקן דעם קאָפּ פון דער באַריקאַדע האָט געדראָט מיט טויט.

דעם 10טן אויגוסט האָבן די אויפשטענדלער גענומען גע־פאַנגען אַ דייטשן פּאָסטאָר. ער האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו די דייטשן אין „באַנק גאָספּאָדאַרסטוואַ קראַיאָוועגאָ״, אַז זיי זאָלן אָפּ־שטעלן די שיסעריי, כדי מ׳זאָל קאָנען צונעמען די פאַרוואונדעטע און געהרגעטע. פאַר אַ „פּאַרלאַמענטאַריער״ מצד די אויפשטענדלער איז באַשטימט געוואָרן דער קליינער זענעק.

און אָט וואָס עס דערציילט זענעק־מיקי וועגן זיין שליחות:

„כ׳בין געוואָרן באַשטימט אַלס שליח פון דער שטורעם־גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון פּאָרוטשניק בלאָניאַק, כדי זיך צו פאַרשטענדיקן מיט די שקאָפּעס*, וואָס געפינען זיך אין „באַנק גאָספּאָדאַרסטוואַ קראַיאָוועגאָ״. איין שפּרונג פאָ־רויס — און כ׳בין געווען אויף עק בראַצקע און אַלעע יעראָזאָלימסקע. פלוצלינג זענען געפאַלן שאָסן פון הויפּט־וואָקזאַל. זיי האָבן מיך שיר נישט דערהרגעט. כ׳האָב נישט געלייגט קיין אַכט דערויף און ווייטער געלאָפן. ווען כ׳בין אַרויס פון בראַצקע אויף אַלעע־יעראָזאָלימסקע, האָב איך דערפילט אַ שרעקלעכע מורא, אָבער מיין קאָמאַנדיר האָט געשריגן: „מיקי, גיי ווייטער, פאָכע מיטן ווייסן פענדל״. נו, בין איך געלאָפן ווייטער. ביים אַריינגאַנג אין דער געביידע

* שקאָפּ — אַ פּוילישער באַליידיקנדיקער צונאָמען פאַר די דייטשן.

פון באַנק האָבן מיך באַגעגנט דריי שוואַבעס מיט אויסגע־שטרעקטע אויטאָמאַטן, גרייטע צום שיסן. איינער פון זיי האָט צו מיר אַ געשריי געטאָן: „קאָם מאַל הער". כ׳בין צו־געגאַנגען און אים איבערגעגעבן דעם בריוו פון פּאַסטאָר, וואָס איז דורך אונדז פאַרהאַלטן געוואָרן. ס׳איז זיך באַלד צונויפ־געלאָפן אַ גאַנצע באַנדע. אָט די אַכזריותדיקע שוואַבעס, וואָס זענען געווען אַזוי פעסט ביי זיך בעת די אָבלאַוועס אויף אונדז, האָבן איצט געהאַט זייער נעבעכדיקע פּרצופים. זיי האָבן זיך אויסגעפרעגט און געפאָרשט ווו ס׳וווינט אונדזער קאָמאַנדיר, ווו עס געפינען זיך אונדזערע פּאָזיציעס. איך האָב געזאָגט: „ניקס פאַרשטיין" און פאַרלאַנגט אַן ענטפער פאַר אונדזער קאָמאַנדיר. דער אויפגערעגטער שקאָפּ האָט געענטפערט: „קיינע אַנטוואָרט". כ׳בין אַוועק צוריק, געלאָפן אין אַלערליי זיגזאַגן, ווייל כ׳האָב מורא געהאַט, אַז די שוואַבעס וועלן מיר אַריינפּאַקן אַ קויל. כ׳בין צוריקגעקומען צו דער שטורעם־אָפּטיילונג און דערציילט די גאַנצע געשיכטע. מיר האָבן געפּלאַצט פון געלעכטער. אויב אַלע שוואַבעס זענען אַזוי דרייסט ווי די, וועט היטלער פון זיי לאַנג נישט האָבן קיין נחת".

אויף צו מאָרגנס איז דערקלערט געוואָרן אַ פאַר־שעהדיקער פייער־איבעררייס, כדי צוצונעמען די פאַרוווּנדעטע און די טויטע. אין אָוונט האָט דער קאַמף זיך ווידער צעפלאַקערט. „מיקי" און „צוואַניאַק" האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע אַנגריפן פון זייער אָפּ־טיילונג. די אויפשטענדלער־צייטונגען האָבן אַ סך געשריבן וועגן דער העלדישקייט פון אָט די יינגלעך *.

---

* „וואַרשע קעמפט" — אינפאָרמאַציע־צייטונג פון א. ק. נ׳ 31 פון 13 אויגוסט 1944, אַרטיקל א. נ. „דער קאַמף־דריילינג".
„פון דער ערשטער פראָנטליניע", 17 אויגוסט 1944, אַרטיקל א. נ. „די יינגסטע".



זענעק (רעכטס) און פּאַוועל בעתן אויפשטאַנד 1944




פּאַוועלס נומער פון געפאַנגען־לאַגער אין מילבערג



סטעפּטשע, אין צייט פון אויפשטאַנד 1944.

און אָט וואָס עס האָט געשריבן דער „אויפשטענדלערישער־אינ־פאָרמאַציע־ביולעטין, יאָרגאַנג IV נ׳ 258—50 פונעם 13טן אויגוסט 1944 אין אַרטיקל א. ב. „אַנטעק פּולוועריזאַטאָר״.

„אַנטעק פּולוועריזאַטאָר און די פאַרבינדלערין נינאַ זע־נען געווען אַ צונויפגעשפּילטע פּאָר. ער איז געלאָפן „צו דער אַרבעט״ און זי האָט געריכיקט דאָס געווער, געלאָדן די מאַגאַזינען און צוגעשטעלט אַמוניציע. אָפטמאָל האָט זיי באַ־גלייט דער 13 יאָריקער פאַרבינדלער „מיקי״. דער דאָזיקער טריאָ איז תמיד געווען פול מיט הומאָר און ענערגיע, נישט געוווסט פון קיין מידקייט, געווען דאָס אויג און קאָפּ פון דער גאַנצער שטורעם־גרופּע. אויף אַנטעקס קבר האָט דער

קאָמאַנדיר, ראַטמייסטער „סאָקול״ — ווען מ׳האָט ספּעציעל געברענגט אויף אַ טראַגבעטל פון פעלד־שפּיטאָל — געזעגנט זיך ליבלינג מיט אַ קורצער זעלנערישער רעדע... דער קליינער „מיקי״, אַ העלדיש וואַרשעווער בחור, וואָס האָט נישט קיין מורא געהאַט צו גיין צו די דייטשן אין דער געביידע פון ב. ג. ק. אַלס „פּאַרלאַמענטאַריער״ פון אונדזער קאָמאַנ־דיר — האָט געוויינט ווי אַ ביק. נינאַ, מיקי און די גאַנצע גרופּע געפינען זיך ווייטער אויף דער ערשטער ליניע פון וואַרשעווער פראָנט...״

סוף אויגוסט איז אָנגעקומען אַ באַפעל אויפצורייסן דעם דייטשן בונקער אויפן ראָג פון בראַצקע און אַלעע־יעראָזאָלימסקע. פּאַוועל האָט זיך געמאָלדן אַלס פרייוויליקער צום פּאָרוטשניק פאַר ספּעציעלע אויפגאַבעס. שפּעט ביי נאַכט האָט ער באַקומען אַ קעסטל מיט דינאַמיט. פּויזנדיק האָט ער זיך צוגערוקט צום בונקער.הינטער אים האָט געפּויזעט אַן עלטערער זעלנער, וועלכער האָט געצויגן דאָס עלעקטרישע דראָט צום אויפרייס־מאַטעריאַל. אין טויער פון הויז אויף בראַצקע 12 איז געשטאַנען אַ דריטער, ער האָט אָפּגע־וויקלט די דראָט פונעם קלעצל. נאָכן אויספירן די אויפגאַבע ביים בונקער, ווו ס׳האָבן זיך געפונען צוויי דייטשן, פּאַרטאָן אין אַ הייסער דיסקוסיע, האָט „צוואַניאַק״ שנעל זיך אומגעקערט צום קאָמאַנדיר און געמאָלדן, אַז דער באַפעל איז געוואָרן אויסגעפירט. דער פּאָ־רוטשניק האָט אַ דריק געטאָן אַ קנעפּל און די גאַנצע געגנט איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פונעם אויפרייס. דער בונקער צוזאַמען מיט דייטשן איז געפלויגן אין דער לופט.

*

סטאַשעק פון פּראַגע, וועלכער האָט אין מיליטער באַקומען דעם פּסיידאָנים „טשאַרני״ (שוואַרצער), האָט זיך געפונען אין דער שטור־עם־קאָמפּאַניע פון קאַפּיטאַן „נאַלענטש״. ער געהערט דאָרט צו די

העלדישסטע פּאַרטיידיקער פון אַלטשטאָט, און באַטייליקט זיך אין די פאַרביסענע קאַמפן פאַר דער „פּאַסטאַ"־געביידע אויף טלאָמאַצקע־גאַס און אויך פאַרן בנין פון „באַנק פּאָלסקי" אויף ביעלאַנסקע־גאַס. דאָרט איז ער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין פוס.

אויף אַלטשטאָט זענען פאָרגעקומען בלוטיקע קאַמפן מיטן שונא. די רינג אַרום די אויפשטענדלער איז געוואָרן אַלץ ענגער. די הייזער זענען זיך צעפאַלן אונטער די באָמבעס און שראַפּנעלן און צוגעדעקט טויזנטער הרוגים. עסקאַדרעס אַעראָפּלאַנען האָבן אָן אויפהער גע־שוועבט איבער דער געגנט און געוואָרפן אויף איר זייער טויט־טראָגנדיקע לאַדונג. אַלטשטאָט איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ קופּע גרוז. צוליב דעם דייטשן פייער־הוראַגאַן און צוליב דער האָפנונגס־לאָזער סיטואַציע, האָט די אויפשטענדלער־אָנפירערשאַפט באַפוילן צו פאַרלאָזן די געגנט און פאַרבינדן זיך מיט די אָפּטיילונגען אין מיטלשטאָט.

צו מאָרגנס האָט מען באַשלאָסן אַרויסצוקריגן זיך פון אַלטשטאָט דורך די אונטערערדישע קאַנאַלן. איין אָפּטיילונג נאָך דער צווייטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אונטער דער אויבערפלאַך און די אויפשטענד־לערישע זשאַנדאַרמעריע האָט געהיטן די רו און אָרדענונג. מ'האָט אויך מיטגענומען די פאַרוווּנדעטע אויפשטענדלער. אַ טייל פון די אָפּטיילונגען איז אַוועק אין מיטלשטאָט און די איבעריקע — קיין זשאָליבאָזש. דורך די נידעריקע קאַנאַלן אין וועלכע ס'איז געפלאָסן קויט און שמוץ, האָבן די זעלנער געפּויזעט איינער נאָכן אַנדערן. פון צייט צו צייט האָט מען געהערט דעטאָנאַציעס — דאָס האָבן די דייטשן און זייערע דינער, די אוקראַינער, אַריינגעוואָרפן גראַ־נאַטן אין די קאַנאַלן.

נאָך שעהן וואַנדערן האָט די אויפשטענדלער־אָפּטיילונג, אין וועלכער סטאַשעק־„טשאַרני" האָט זיך געפונען, זיך אַרויסבאַקומען אויף דער אויבערפלאַך, אויף דער פרישער לופט. דאָס איז שוין

געוועזן מיטלשטאַט. זיין אָפּטיילונג האָט פאַרנומען אַן אָרט ביי דער באַריקאַדע אויף קרוטשע עק אַלעע־יעראָזאָלימסקע. דאָרט האָט ער געטראָפן פּאַוועלן און זענעקן. אין עטלעכע שעה אַרום האָט ער אויף די שכנותדיקע באַריקאַדעס זיך אָנגעשטויסן אויף בורעקן מיטן קאָטלעטשאַזש. גרויס איז געווען די פרייד פון די פּאַפּיראָסן־הענדלער, זיי האָבן געפּראַוועט אַ הוליאַנקע ביז שפּעט אין דער נאַכט, דערנאָך זיך אָפּגעשמועסט צוזאַמען צו באַזוכן די „באַבטשע" אויף קרוטשע־גאַס.

שוין פון אין דער פרי אַן האָבן די פּאַפּיראָסן־הענדלער איינגעשאַפט שפּייז־פּראָדוקטן, כדי נישט צו קומען צו דער „באַבטשע" מיט ליידיקע הענט. דורך לעכער אין די מויערן, דורך קעלערס, אונטערערדישע וועגן און ראָוועס האָבן זיי זיך אין משך פון צוויי שעה אַדורכגעשלאָגן אַ וועג אויף קרוטשע־גאַס 16. דאָס הויז איז געווען האַלב צעשטערט פון די שראַפּנעלן. ס'האָט דאָרט סטאַציאָנירט אַן אויפשטענדלערישע איינהייט. די לאָקאַטאָרן זענען געווען צונויפגעדרענגט אין אַ פינצטערן קעלער. ווען די מענטשן האָבן דערזען די קליינע באַוואָפנטע זעלנער, האָבן זיי געמאַכט אַן אָרט דורכצוגיין. פּאַוועל האָט געזוכט אין אַלע זייטן.

— ווּ איז די „באַבטשע"? — האָט זענעק אַ געשריי געטאָן.

— דאָ בין איך, — האָט זיך דערעהערט איר שטים פון אַ ווינקל.

— מיינע טייערע ייִנגלעך, איך האָב אייך אָפּגעהיט, האָט איר איצט נישט פאַרגעסן די אַלטע אין איר נויט, — האָט די „באַבטשע" געוויינט פאַר פרייד.

די קינדער האָבן איבערגעלאָזט דער באַבטשען אַ זעקל שפּייז־פּראָדוקטן, זיך געזעגנט און פאַרלאָזט דעם קעלער.

— אין צוויי־דריי טעג אַרום וועלן מיר ווידער אַריינפאַלן — האָט זענעק געזאָגט.

זיי זענען צוריק אַוועק אויף זייערע פּאָזיציעס.

דערווייל האָבן זיך די קאַמפן פאַרצויגן; ס'איז אַלץ קלאָרער געוואָרן, אַז די אויפשטענדלער האָבן נישט געהאַט קיין שום שאַנסן צו באַהערשן וואַרשע. מיט יעדן טאָג זענען קלענער געוואָרן די רעזערוון פון שפּייז און געווער. יעדער קאַמף האָט גורם געווען קאַלאָסאַלע פאַרלוסטן צווישן די אויפשטענדלער און אויך ביי דער ציווילער באַפעלקערונג. די דייטשן האָבן אַטאַקירט מיט אַן אַלץ גרעסערער קראַפט.

אין מיטן סעפּטעמבער איז די דייטשן געלונגען אַרומצורינגלען דעם בנין „קריסטאַל", וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ וויכטיקן דאָמינירנדיקן פּונקט איבער דער געגנט. שפּעט ביי נאַכט איז אָנגעקומען אַ באַפעל אָפּצושלאָגן דעם פּונקט פאַר יעדן פּרייז. אין מיטן דער זעלבער נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנגריף, פון פאַרשידענע אָפּשניטן האָבן די אויפשטענדלערישע אָפּטיילונגען אַטאַקירט. סטאַשעק־„טשאַרני" איז, מיט דער ביקס אין האַנט, געלאָפן פאָרויס. „צוואַניאַק" און „מיקי" האָבן דערלאַנגט געווער און אַמוניציע. נאָך אַ 30־שעהדיקן קאַמף איז געלונגען אַרויסצושטויסן די דייטשן פון די פאַרנומענע פּאָזיציעס. אַ ריי פּאָזיציעס זענען פיל מאָל איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. דאָס פאַרנעמען פּראַגע דורכן פּוילישן מיליטער און דער סאָוועטישער אַרמיי, דעם 14־טן סעפּטעמבער, האָט געהויבן די שטימונג אין די אויפשטענדלערישע רייען. פון דאַן אָן האָבן טאָגטעגלעך זיך באַוויזן איבער דער שטאָט ,רוסישע אַעראָפּלאַנען, די אַזוי גערופענע „קוקורוזניקעס", וואָס האָבן אויף פאַלשירעמס אַראָפּגעוואָרפן געווער און שפּייז פאַר די אויפשטענדלער. אַ טייל פון די פאַלשירעמס האָט דער ווינט פאַרטריבן אויף דער דייטשער זייט אָדער אויפן „נייטראַלן פּאַס". אונטערן צודעק פון דער נאַכט האָט אַ גרופּע, צווישן זיי „טשאַרני", „מיקי" און „צוואַניאַק", זיך אונטערגעגנבעט, אַראָפּגעשלעפּט פון פעלד די פאַלשירעמס מיט דער ווערטפולער לאַדונג און געבראַנגט עס צו די אויפשטענדלער.

דאָס פּוילישע מיליטער האָט אויך אַדורכגעפירט עטלעכע דע־

סאַנטן אויף דער לינקער זייט ווייסל, באַזונדערס אויף פּאָווישלע און זשאָליבאָזש, כדי צו העלפן דער בלוטנדיקער הויפּטשטאָט.

דאָך האָט דער אַלגעמיינער מצב פון אויפשטאַנד זיך נישט געענדערט. פון טאָג צו טאָג איז איינגעשרומפּן געוואָרן דער שטח פון דער פאַרטיידיקונג. די פּאָזיציעס זענען געפאַלן אונטערן דרוק פון דעם שונאס איבערגעוויכט.

די דייטשן האָבן מורא געהאַט, אַז די רוסן זאָלן זיך נישט שאַפן אַ שטאַרקן אָנשפּאַר־פּונקט אויפן לינקן ווייסל־ברעג, האָבן זיי דעריבער אָנגעשטרענגט אַלע זייערע כוחות צו ליקווידירן דעם אויפשטאַנד.

נאָך שווערע שלאַכטן, וואָס האָבן געדויערט 63 טעג, האָט וואַרשע קאַפּיטולירט. צו ערשט איז געפאַלן פּאָווישלע, דערנאָך מאָקאָטאָוו און זשאָליבאָזש. דעם 2־טן אָקטאָבער איז געקומען די ריי אויף דער מיטלשטאָט. אויפן סמך פון אַ קאַפּיטולאַציע־אַקט האָבן אַלע אויפשטענדלער געדאַרפט לייגן דאָס געווער און איבערגעבן זיך אין געפאַנגענשאַפט; די ציווילע באַפעלקערונג האָט געדאַרפט ווערן אַרויסגעפירט קיין דייטשלאַנד אויף צוואַנג־אַרבעט.

אונדזערע פּאַפּיראָסן־הענדלער האָבן נישט געוווסט וואָס צו טאָן. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז מ׳זאָל זיך נישט דערוויסן וועגן זייער יידישער אָפּשטאַמונג. זענעק און פּאַוועל האָבן זיך געוואָנדן צו זייער אוממיטלבאַרן עלטסטן, פּאָרוטשניק בלאָניאַק, און אים דער־ציילט, אַז זיי זענען יידן.

— איר דאַרפט אַרויס פון וואַרשע צוזאַמען מיטן מיליטער. אויב איר וועט אַרויסגיין אַלס ציווילע, איז מעגלעך, אַז מען וועט אייך דערקענען, — האָט דער פּאָרוטשניק זיי געראָטן.

נאָך אַ קורצן ישוב הדעת, האָבן די יינגלעך באַשלאָסן אים צו פאָלגן. מיט ווייס־רויטע אָרעמבענדער און פּוילישע אָדלערס אויף די היטלען האָבן אונדזערע יינגלעך מאַרשירט דורך די צערשטערטע וואַרשעווער גאַסן אין דער דייטשער געפאַנגענשאַפט. אומענדלעכע

קאָלאָנעס אויפשטענדלער, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, האָבן זיך געשלעפּט איבער דער נאָך ברענענדיקער שטאָט. נעבן זיי האָבן צענדליקער טויזנטער ציווילע — קינדער, פרויען און זקנים — מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, זיך געלאָזט אין דער וואַנדערונג.

צווישן די ציווילע האָבן זיך געפונען טערעזע און האַלינקע. עס האָבן זיי נאָך דערוואַרט שווערע מאָמענטן, אָבער דאָס מאָל זענען זיי אויסגעלייזט געוואָרן צוזאַמען מיט די אַנדערע איינוווינער פון דער הויפּטשטאָט.

אין דער געפאַנגענשאַפט זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען די וועגן פון די פּאַפּיראָסן־הענדלער. נאָך קורצן אויפהאַלט אין איבערגאַנגלאַגער אָזשאַרווו, האָט מען די אויפשטענדלער גרופּנווייז געשיקט קיין דייטשלאַנד. די באַן, מיט וועלכער ס'איז געפאָרן די גרופּע פון סטאַשעק־„טשאַרני", איז באַפאַלן געוואָרן פון אַ פּאַרטיזאַנעראָפּטיילונג, דעמאָלט איז סטאַשעק צוזאַמען מיט אַ 500 אויפשטענדלער, אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין.

די גרופּע, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען „מיקי" און „צוואַניאַק", איז געוואָרן אַרויסגעפירט אין מיליטערישן געפאַנגענלאַגער אין לאַמסדאָרף, אויף אָפּאָלער שלעזיע. די דערנערונג־ און וווינבאַדינגונגען זענען דאָרט געווען שלעכטע. אין עטלעכע וואָכן אַרום איז געקומען אין לאַגער אַ קאָמיסיע פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ. אין רעזולטאַט פון דעם באַזוך האָבן אַלע אויפשטענדלער באַקומען שפּייז־פּעקלעך און ענגלישע מונדירן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט די לאַגער־אָנפירונג אויסגעטיילט די יוגנטלעכע זעלנער — אַרום 60 זענען זיי געווען — און זיי אָפּגעשיקט אין סטאַלאַג IV־בע אין מילבערג, זאַקסן. דאָס איז געווען אַן אַלטער לאַגער מיט פיל טויזנטער געפאַנגענע פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. אין אָט דעם פּילשפּראַכיקן און פילפאַרביקן המון האָבן „מיקי" און „צוואַניאַק" געטראָפן בורעקן און קאָטלעטשאַזשן,

דאָ זענען די באַדינגונגען געווען דערטרעגלעך. דער רויטער קרייץ האָט דאָ צוגעשטעלט פּעקלעך שפּייז און מלבושים.

נאָך אייניקע וואָכן זענען אַלע יוגנטלעכע זעלנער איבערגעשיקט געוואָרן אין לאַגער בראַקוויץ, נעבן מייזען (זאַקסן). דאָרט האָבן זיי געאַרבעט אין די פאַבריקן און די אָוונטן פאַרברענגט אין די באַראַקן. אונדזערע יינגלעך האָבן אויסגעמיטן יעטוועדע קריגעריי, אָדער געשלעג און דאָס טאַקע האָט אפשר אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט ביי די פּוילישע יינגלעך. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתע העצע קעגן די פאַפּיראָסן־הענדלער. דער ערשטער קרבן איז געווען בורעק. מ׳האָט אים געפּייניקט אויף אַן אומברחמנותדיקן אופן. איין מאָל איז ער אַפילו צעשלאָגן געוואָרן דורך אַ פּויליש יינגל, מיטן וועלכן ער האָט אין איינעם געקעמפט אין וואַרשע. דערנאָך האָט מען זיך אָנגעהויבן טשעפּען אויך צו פאַוועלן און זענעקן. די יינגלעך האָבן נישט געקאָנט רויִק אַדורכגיין דעם באַראַק. זייערע פּוילישע חברים האָבן זיי אויסגעטיילט באַזונדערע ערטער צום שלאָפן; געצוווּנגען זיי צו פּוצן די שיך פון די „קאַמפּס־חברים״, צוגענומען די שפּייז־פּעקלעך און כסדר געדראָט, אַז זיי וועלן מסרן ביי דעם דייטשן לאַגער־פירער אַז זיי זענען יידן.

די ידיעה וועגן שיקאַנירן די יינגלעך איז דערגאַנגען צום שכנותדיקן לאַגער פאַר אָפיצירן־געפאַנגענע פון יאָר 1939. אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען אַ יונגער פּוילישער אָפיציר און זיך באַמיט אויפצוקלערן די פּוילישע יינגלעך, אַז זיי האַנדלען נישט ריכטיק, ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן. די לאַגע איז ערגער געוואָרן פון טאָג צו טאָג, ביז דער ענין איז דערגאַנגען צום לאַגערפירער.

די אַרויסגערופענע יידישע יינגלעך האָבן זיך מודה געווען, אַז זיי זענען יידן און דערציילט פאַרן לאַגערפירער וועגן זייערע צרות.

דער דייטש האָט צוזאַמענגערופן אַלע יינגלעך און פאַרגעוואָרפן די כוליגאַנעס זייער האַנדלונג קעגן די יידישע חברים, וועלכע האָבן געקעמפט גראַד ווי זיי. ער האָט געדראָט, אַז אויב ס׳וועלן נישט

אויפהערן די פאַרפאָלגונגען, וועט ער אָנגעמען קעגן זיי שאַרפע מיטלען. פון דאַן אָן האָבן זיך געענדיקט די שיקאַנעס קעגן די יידישע ייִנגלעך און דאָס צונעמען ביי זיי די שפּייז־פּעקלעך. מען האָט זיי אָבער ווייטער אויסגעטיילט באַזונדערע פּלעצער צום שלאָפן און נישט איין מאָל אויך געזידלט.

אין דער גרופּע אויפשטענדלערינס־פּרויען, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען מאַרישע און סטעפּטשע, איז געווען אַן ענלעכע לאַגע. די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט פון וואַרשע אַלע פרויען־אויפשטענדלערינס (אין דער צאָל פון 1800) אין סטאַלאַג VI־צע אין אָבערלאַנגען.

דיביידע יידישע מיידלעך האָבן זיך באַלד אַרויסגערוקט אין פאָ־דערגרונד: אין לאַגער איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז, וווּ ביידע מיידלעך האָבן שיין געזונגען און געטאַנצט. דאָס האָט אַרויס־גערופן קנאה, מ׳האָט זיי אָנגעהויבן צו דערגיין די יאָרן און אָנדייטן, אַז זיי זענען יידישקעס. זיי האָבן זיך אָבער נישט איינגעבראָכן און מיט שטאָלץ אָפּגעשטויסן אַלע אָנגריפן. האָבן די פרויען געדראָט זיי צו מסרן פאַר די דייטשן. די לאַגע איז געוואָרן ערגער מיט יעדן טאָג, צום גליק האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט אַ גרופּע בעלגישע געפאַנגענע פון אַ שכנותדיקן לאַגער. זיי האָבן זיך אַריינגעמישט און געדראָט דער קאָמענדאַנטין פון דער פּוילישער גרופּע מיט נקמה, אויב מען וועט אַרויסגעבן די יידישע מיידלעך. די דראָונג האָט געווירקט און ס׳איז אַביסל לייכטער געוואָרן זייער לאַגע.

דערווייל האָט די פראָנט־ליניע אין פּוילן זיך שנעל איבער־גערוקט אויף מערב. דעם 17טן יאַנואַר 1945 האָט דאָס סאָוויעטישע מיליטער פאַרנומען די קעלצער וואָיעוודשאַפט. אויף יענעם געביט האָבן אָפּערירט די פּאַרטיזאַנער, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען סטאַשעק־„טשאַרני״. צו מאָרגנס איז באַפרייט געוואָרן די געגנט פון גרויעץ. דאָרט האָט זיך געפונען יאַשיאַ.

תיכף נאָך דער באַפרייונג פון וואַרשע און דער אומגעגנט, האָבן

מאַסן וואַרשעווער אָנגעהויבן אומצוקערן זיך אין זייער היימשטאָט. פון די ערשטע זענען געווען האַלינקע און מייסטערעק. יעדן טאָג זענען באַפרייט געוואָרן אַלץ נייע געביטן. די שלאַכטן האָבן זיך איבערגעטראָגן אויף דער דייטשער ערד.

דעם 12 אַפּריל איז באַפרייט געוואָרן דער פּרויען־לאַגער אין אָבערלאַנגען. מאַרישע און סטעפּטשע זענען געוואָרן פריי.

די דייטשן, צוריקציענדיק זיך פאַר דער אָנגרייפנדיקער סאָוויעטישער אַרמיי, האָבן עוואַקויִרט דעם לאַגער פון די יוגנטלעכע געפאַנגענע־אויפשטענדלער פון בראָקוויץ קיין גלאַזהוטע. דער לאַגער איז געוואָרן באַפרייט דורך דער רויטער אַרמיי דעם 5־טן מאַי 1945. די יידישע יינגלעך פאַוועל־„צוואַניאַק", זענעק־„מיקי", בורעק־„פיסטאָלעט" און קאָטלעטשאַזש זענען צוריקגעקומען קיין וואַרשע. אין עטלעכע טעג אַרום איז אויך צוריקגעקומען טערעזע, וואָס איז באַפרייט געוואָרן אין בערלין.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די אָקופּאַציע־עפּאָפּעע פון די פּאַפּיראָסן־הענדלער. זיי האָבן פאַרהעלטנישמעסיק געהאַט אַ סך מזל: פון עטלעכע און צוואַנציק קינדער האָט דער רוב זיך געראַטעוועט. ליידער איז זעלטן וועמען פון זיי געלונגען אָפּצוגעפינען זייערע משפּחות.

# עפּילאָג

איצט זענען זיי שוין דערוואַקסענע מענטשן. מענער און פרויען מיט אייגענע פאַמיליע־היימען.

ווער וואָלט איצט דערקענט אין דעם ייִנגן, קאַרפּולענטן אָפיציר פון דער ישראל־אַרמיי, בנציון פּיקס — דעם קליינעם באַלוש[14], דעם ייִנגסטן פון דער „באַנדע" ?, ער איז שוין אייגנטלעך אַ סאַברע, די בילדער פון דער טראַגישער פאַרגאַנגענהייט, זענען פאַרווישט געוואָרן אין זיין זכרון.

און דער פליסיקער סוחר פון קאַנאַדע, איגנאַץ מילכבערג — דער געלאַסענער מאַן און פאָטער — צי דערמאָנט ער נאָך אין אַמאָליקן ביטשעק[1] — דעם ראש פון דער „באַנדע פּאַפּיראָסן־הענדלער" ?

טראָץ זיינע פאַרצווייגטע געשעפטן, פאַרגעסט ער קיין מאָל נישט אין זיינע אַחים לצרה פון „יענע צייטן".

פּאַוועל[6] — פּרץ האָפמאַן, היינט אַ טראַקטאָריסט אויפן באָדן פון ישראלדיקן נגב, אָדער זיין ברודער זענעק[11] — זלמן, איצט דער קאָנטראָלער פון מיליטערישער געווער־פּראָדוקציע אין ישראל — זיי זענען שוין ווייט נישט יענע אָפּגעריסענע און באָרוועסע לאָבוסלעך פון סאַסקע־קעמפּע...

און ווען די איינוווינער פון די ישראלדיקע שטעט זענען נאָך פאַרזונקען אין טיפן שלאָף — פירט שוין, דוד פלאָנסקי — יורעק[19], דער קיבוץ־שאָפער, די פּרוכט פון זיין קיבוץ צו דער „תנובה".

מיט שטאָלץ פּרעזענטירט זיין צעניאָריקער זון — ווען ס'פאַרגלוסט זיך שוין אויך צו זיין אַ שאָפער — פאַר זיינע חברים דעם „קרייץ פאַר גבורה", וואָס זיין פאָטער האָט באַקומען פון דער פּוילישער רעגירונג, פאַר זיין אַקטיוון אָנטייל אין די קאַמפן בעתן געטאָ־אויפשטאַנד.

הגם יאַנקל קליימאַן האָט זיך שוין פון לאַנג אויסגעגלייכט זיינע פאָדערשטע ציין, איז אים דאָך פאַרבליבן זיין אָקופּאַציע

צונאָמען: זאַמבאַל[13], דאָס שאָדנט אים לגמרי נישט. ער איז איצט אַ חשובער קירזשנער אין קאַנאַדע.

קינאַל[2] — יוסף שפּיראָ, איז איצט אַ מעכאַניקער אין „אל־על״ (מלוכהשע פלי־געזעלשאַפט אין ישראל) מיט זיין מיינונג רעכנט מען זיך.

ער איז אַן אידעאַלער פאַמיליע־פאָטער. יענע טעג זענען אים טיף איינגעקריצט אין זכרון.

צי האָט טערעזע[6] — טויבע ה. אַ מאָל געראָכט, אַז דריי קליינע סאַברעלעך וועלן דערפרייען איר לעבן?

דער גורל האָט געוואָלט, אַז גאַלעץ[17] — משה וו. און מייסטערעק[27] — ברוך קאַפּלאַן, זאָלן אויסוואַנדערן אין דער ווייטער אויסטראַליע.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן געפינט זיך, סטאַשעק פון פּראַגע[23] — איזאַק פּרייז.

אין דרום־אַמעריקע האָבן זיך באַזעצט וולאַדעק[20] — חיים פּ. און דער געלער[22] — יאַקוב בערגסאָן מיט זיין מוטער.

האַלינקע[13] — חנה ג., האָט אָפּגעזוכט קרובים אין פּוילן און איז דאָרט פאַרבליבן.

זבישעק[4] — יצחק גרינבערג, און קאַטלע־טשאַזש[26] — לעאָן געלמאַן, זענען צעשפּרייט איבער דער וועלט. אפשר, וועלן די פּאָר ווערטער זיי דערגרייכן ערגעצוווּ, און ס׳וועט צוריק אָנגעקניפּט ווערן דער איבערגעריסענער קאָנטאַקט.

ווייזט אויס, אַז יענע טראַגישע איבערלעבענישן, האָבן טיף געשטעקט אין דער נשמה פון ביעלאַסן — יוסף הימעל־בלאַו, וועלכער איז — אונטער דער שווערער ווירקונג פון אייכמאַן־פּראָצעס אין ירושלים — באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

זיין טויט דאַרף זיין אַן אינטעגראַלער טייל פון באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די היטלעריסטישע רוצחים.

אין ישראל געפינען זיך: בורעק[7] — צבי מאַנדלבלאַט. דער קליינער סטאַשעק[8] — יהושע טאַובליך. קובאַ[25] — און זיינע צוויי שוועסטערס, מאַרישע[15] און סטעפטשע[16]. יאַשיאַ[12] — רוזשע זאַקשנײַדער־מאַלינאַ. און אויך „עמד"[18] — אַלכסנדר צעלניקער, איצט אַ שאָפער אויף אַ שטאַטישן אויטאָבוס. ער זעט היינט אויס יינגער, ווי מיט 20 יאָר צוריק, ווען די פּאַפּיראָסן־הענלדער האָבן אים „אַנטדעקט" אין אַ גרוב אויף אַן אָפן פעלד אין וואַרשע.

„עמד" דערמאָנט די יינגלעך, די טייערע נשמות, מיט דאַנקבאַרקייט. ער חלומט וועגן צוזאַמענגעמען אַלע פּאַפּיראָסן־הענדלער מיט זייערע פאַמיליעס, כדי צו מאַכן מיט זיי אַ שפּאַציר אין זיין אויטאָבוס איבער די גאַסן פון תל־אביב. צי וועט אָבער אין זיין אויטאָבוס זיין גענוג פּלאַץ פאַר אַלע ?...

אַלע זענען זיי אַרויסגעוואַקסן אויף פולווערטיקע מענטשן. זייער אומגעווײנלעכער געראַנגל פאַרן לעבן אין דער נאַצישער אָקופּאַציע־צייט, האָט געשטאַרקט זייער מאָראַלישע חוט־השדרה און געהאַרטעוועט פאַרן קאַמף פון סטאַביליזירן זייער נאָך־מלחמהדיקן קיום.

זיי האָבן נישט פאַרגעסן אין יענע חברים, וואָס האָבן נישט דערלעבט די באַפרייונג.

מיט פיעטעט ווערט דורך זיי דערמאָנט דאָס אידעלע, העלדישע פוילישע ייִנגל, ראָמעק[24] — פּלאָנקאָווסקי. קולאַס[10] — יוסף שינדלער, און דער פראַנצויז[5] — קאַזשיק געלבלום, וועמען ס'איז נישט באַשערט געווען צו האָבן אייגענע קברים.

זיי געדענקען די אידעלע פּאָליאַקן, וואָס האָבן, איינשטעלנדיק זייער אייגן לעבן, געהאָלפן זיי אין די שרעקלעכע אָקופּאַציע־יאָרן.

און הגם זיי זענען ווייט איינער פון אַנדערן, האַלטן זיי אָן די אומאיבעררייסלעכע פאַרבינדונג צווישן זיך. ווי דעמאָלט, באַטראַכטן זיי זיך אויך היינט, ווי איין גרויסע משפּחה.

# אונדזערע העלדן נאך דער מלחמה



באַלוש, אָפיציר אין ישראל־אַרמיי. פאָט. 1962



„ביטשעק“ מיט זיינע קינדער (אין קאַנאַדע). פאָט. 1962



טערעזע (אין ישראל). פאָט. 1947



„קינאַל“ אין ישראל־אַרמיי. פאָט. 1951



יורעק, קיבוץ־שאַפער. פאָט. 1962



פאַוועל, טראַקטאָריסט אין נגב. פאָט. 1962



דער קליינער סטאַשעק (אין ישראל). פאָט. 1946



זענעק, אין דער באַפרייונגס־מלחמה אין ישראל.
פאָט. 1948



„זאַמבאַל (אין קאַנאַדע). פאָט. 1947



סטאַשעק פון פראַגע (פאַר. שטאַטן). פאָט. 1948



דער „געלער" (בראַזיל). פאָט. 1946



„עמך" (אין ישראל). פאָט. 1951

## ביז איצט דערשינענע ביכער אין פאַרלאַג „המנורה״:

אַנאַ פראַנק — **טאָגבוך פון אַ מיידל.**

ש. פראַנק — **טאָגבוך פון לאָדזשער געטאָ.**

באָריס פּאַסטערנאַק — **דאָקטאָר זשיוואַגאָ, 2 בענד.**

מ. מאַן — **דאָס הויז צווישן דערנער** (18 ישראל־נאָוועלן).

ראָבערט סענט דזשאָן — **דוד בן־גוריון** (לעבנסגעשיכטע פון אַן אומ־געוויינלעכן מענטש).

מיכאל ווייכערט — **זכרונות, 1־טע טייל.**

מיכאל ווייכערט — **וואַרשע, זכרונות 2־טע טייל.**

מיכאל ווייכערט — **יידישע אַליינהילף.**

מיכאל ווייכערט — **מלחמה 1939—1945**, זכרונות 3־טער באַנד.

אַנדרעי שוואַרץ־באַרט — **דער לעצטער פון די צדיקים.**

שלמה שנהוד — **מיט חלום איבער תהום**, לידער.

לענאַ קיכלער־זילבערמאַן — **מיינע הונדערט קינדער**, מיט אַ פאָרוואָרט פון רחל ינאית בן־צבי — ישראל־פרעזידענטס פרוי.

אבא גאָרדין — **שלמה המלך**, היסטאָרישער ראָמאַן.

אבא גאָרדין — **משה**, זיין לעבן און לערע.

משה וויטיעס — **מסות על ספרות** (עסייען וועגן ליטעראַטור) — העברעיש.

יוסף פּאַפּיערניקאָוו — **פרי־גני** (**פּירות פון מיין גאָרטן**), (לידער אין העברעיש).

ד״ר יעקב צינעמאַן — **עמיל זאָלאַ**, אַ לעבן פון אַ שרייבער און קעמפער (פרעמירט דורך אַדאָלף־ניומאַן פאָנד).

מ. צאַנין — **תל־עולם.** מסע על פני 100 קהילות נחרבות. (העברעיש).

אברהם קריב — **ליטא מכורתי — מיין היימלאַנד ליטע.** עברית־יידיש.

יחזקאל בראַנשטיין — **פון אייגן הויז.** עסייען און שרייבער, וואָס איך האָב געקענט.

מאיר זימל טקאַטש — **מיין האָב און גאָב.** געזאַמלטע פּעזן. **2־טער באַנד.**

פּיאָטער ראַוויטש — **דם השמים.** פון פראַנצויזיש (העברעיש).

רחל אוירבך — **מרד גיטו וארשה** (העברעיש).

דב שילאַנסקי — **מוזלמאַן** (ענגליש).

הרב אברהם העפּטערמאַן — **אַזוי לעבן יידן.** רבנים, ראַבאַיס און סתם־יידן אין אַמעריקאַנער כתרילעווקע.

י. גאָלדקאָרן — **פון וועלט־קוואַל.** קליינע עסייען וועגן גרויסע מענטשן.

א. בוסתן — **חיים ווייצמאַן.** לעבן און ווערק.

יעקב זינגער — **דער יונגער דזשייקאָבס.** ראָמאַן.

י. גאָלדקאָרן — **לאָדזשער פּאָרטרעטן.** אומגעקומענע שרייבער.

ד״ר ח. שאָשקעס — **מיט יידן אין ווייטע לענדער.**

ד״ר ח. שאָשקעס — **עולם ומלואו של ר׳ חיים שאָשקעס** (העברעיש).

א. גאָפּלאַט — **געשטויגן און געפלויגן.** ישראל אויף פריילעך.

ד״ר י. הרציג — **נדודי במלחמה ויאסלו עירי.**

ספר יזכור — **קוסוב** (הוצולסקי).

י. זשעמיאַן — **די פּאַפּיראָסן־הענדלער פון פּלאַץ דריי קרייצן.**

## ביכער אין דרוק:

ש. י. עגנון — **פון דאַנען און פון דאָרטן.** 7 סיפורים און נאָך איינער.
ש. ראָזענבערג — **שבתי צבי.** היסטאָרישער ראָמאַן.
א. בייזער — **פיר זענען זיי געווען.** ראָמאַן.
מ. ש. גשורי — **ירושלים עיר המוסיקה** (העברעיש).
ב. אפשטיין — **בערבות הפאמפה** (העברעיש).
ז. בונין — **פון פרילינג ביז האַרבסט.** לידער און פאָעמען.
אפרים קאַגאַנאָווסקי — **אַ טונקעלע דירה.** דערציילונג.
מלכה חפץ טוזמאַן — **שאָטנס פון געדענקען.** לידער.
יחזקאל בראָנשטיין — **אין פרדס פון יידיש.** עסייען.
יוסף גאַר — **אַזוי איז עס געשען אין ליטע.**

## צענטראַלע פאַרשפּרייטונג פאַר דער גאַנצער וועלט פון:

ש. אַש — **דער נביא.**
מ. צאַנין — **פולער העברעיש־יידישער ווערטערבוך,** 2 בענדער.
מ. צאַנין — **שבתדיקע שמועסן.**
יצחק גרינבוים — **פון מיין דור.**
יהושע שלייען — **איינער האָט זיך געראַטעוועט.**
ז. שניאור — **די משומדתטע.**
לאָרד ראַסעל — **די בייטש פון האַקנקרייץ.**
ז. שניאור — **אַ טאָג עולם־הזה.**
**אַלמאַנאַך פון די יידישע שרייבער אין ישראל,** 1963.
יוסף שטשאַווינסקי — **אונטער איין דאַך.** דערציילונגען.